# י. ל. פרץ

## אויסגעוויילטע שריפטן

### פאַר אידישע שולן און היימען.

---

מיט דער ביאָגראַפיע פון פרצ׳ן און אַ ווערטערביכל
פון די שווערערע ווערטער.

צוזאַמענגעשטעלט פון
**יעקב לעווין**

---

**היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני**
50-52 עלדרידזש סטריט
ניו-יאָרק.

# אינהאַלט.

# אַ פּאָר ווערטער פונ'ם צוזאַמענשטעלער.

די **אידישע** קלאַסיקער זיינען די, וועמען מען דאַרף אַממערסטן אַריינ-ברענגען אין דער אידישער שול און אויך אַמברייטסטן פאַרשפּרייטן צווישן די אידישע מאַסן. אָבער די פולע אויסגאַבן פון די געזאַמלטע ווערק פון די אידישע קלאַסיקער קאָנען פון די שול-קינדער און אפילו פון דעם ברייטן עולם ניט באַנוצט ווערן.

די פולע אויסגאַבן זיינען ערשטנס צו טייער און דערפאַר ניט צו-גענגלאַך. צווייטנס האָבן זיי ניט קיין שום דערקלערונגען צו די שווערע ווערטער און אויסדרוקן, באַזונדערס צו די העברייאישע, און דריבער קאָנען די קינדער און אויך דער ברייטער אידישער עולם פּשוט ניט פאַר-שטיין זייער פיל און אָפטמאָל די בעסטע זאַכן פון אונזערע קלאַסיקער. און דריטנס — האָבן די פולע אויסגאַבן זייט ביי זייט מיט די וויכטיקע אויסגעצייכנטע זאַכן אויך ווייט ניט אינטערעסאַנטע זאַכן, וואָס ניט לייע-נענדיק זיי, קאָן מען גאָרנישט פאַרלירן, סיידן מען וויל לייענען דווקא אַלץ, וואָס דער שרייבער האָט אָנגעשריבן, — ניט אַזוי צוליב די זאַכן גופא, ווי צוליב דער כאַראַקטעריסטיק פון דעם שרייבער (ריכטיקער צוליב אויס-געפינען געוויסע נעגאַטיווע שטריכן פון דעם שרייבער).

די עלטערע שול-קינדער אונזערע איז אויסערדעם נאָך ניט אַלע מאָל מעגלאַך צו געבן לייענען די געזאַמלטע ווערק פון אונזערע שרייבער צוליב דער פאַרעלטערטער אָרטאָגראַפיע, אין וועלכער זיי זיינען געזעצט, און אויך צוליב דעם, וואָס אין דעם זעלבן באַנד קאָנען זיין סיי די בעסטע און צוגענגלאַכסטע זאַכן, סיי אַזעלכע, וואָס מען קאָן און מען טאָר קינדער נאָך ניט געבן לייענען.

ווען מען וויל דעריבער, אַז אונזערע קלאַסיקער (און ניט נאָר אונזערע קלאַסיקער, נאָר בכלל די בעסטע שרייבער) זאָלן גלעזן ווערן פון די עלטערע קינדער אונזערע און פון דעם ברייטן אידישן עולם, ז'אַרף מען זיי געבן ניט קיין פולע אויסגאַבן, נאָר די אויסגעוויילטע, בעסטע און כאַראַקטע-

ריסטישע ווערק פון די קלאַסיקער, כדי זיי זאָלן אָט די ווערק קאָנען איינשאַפן זיך און דורך זיי צוגעוואוינען זיך צו לייענען און פאַרשטיין — און ליב באַקומען די אידישע ליטעראַטור.

עס איז אויך נייטיק צו באַזאָרגן אָט די ספּעציעלע אויסגאַבן מיט אַ ווערטערביכל, וואו די שווערערע ווערטער — די העברייאישע, די רוסי־ציזמען, לאָקאַליזמען א. ד. ג. זאָלן פאַרטייטשט ווערן. עס איז אויך ווינשנס־ווערט, אַז אין אַזעלכע אויסגאַבן פון אויסגעווייילטע ווערק זאָלן די איינ־צעלנע זאַכן איינגעשטעלט ווערן אין אַזאַ סדר, אַז זיי זאָלן אַמבעסטן קאָנען דערלערנט ווערן ליטעראַטור־היסטאָריש.

אָט די דאָזיקע זאַמלונג פון י. ל. פּרץ׳עס ווערק איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן מיט דעם אָנגעוויזענעם צוועק און אין דעם אָנגעוויזענעם סדר. אָבער אין אָטדער זאַמלונג גייען אריין בלויז טיילן פון די זאַכן, וואָס זיינען אָפּגעדרוקט אין דער אַמאָליקער וואַרשעווער אויסגאַבע, וואָס די היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני האָט אַ רעכט זיי אַרויסצוגעבן. טיילן פון די אַנדערע גייערע ווערק זיינע — און באַזונדערס פון די פאָלקסטימלאַכע געשיכטן און פון זיינע דראַמעס — וועלן דאַרפן אַרויסגעגעבן ווערן אין אַ באַזונדערן צווייטן טייל.

אין אָנהייב פונ׳ם בוך ווערט געגעבן אַ קורצע ביאָגראַפיע פּרץ׳עס. די אָרטאָגראַפיע פונ׳ם בוך איז די, וואָס די ניו־יאָרקער אָרטאָגראַפישע קאָמיסיע האָט אָנגענומען, און וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין אַלע אידישע שולן.

יעקב לעווין



# ביאָגראַפיע פון י. ל. פּרץ

## 1

י. ל. (יצחק ליבוש) פּרץ איז געבאָרן געוואָרן דעם 25-סטן מאַי (ל״ג בעומר) 1851 אין זאַמאָשטש, אַ שטעטל אין לובלינער גובערניע, פּוילן. שוין צו דריי יאָר איז יצחק ליבוש, לויט דער דעמאָלסדיקער מאָדע, אָנגעקומען אין חדר. ער האָט נאָך אפילו שאַרף ניט געקאָנט אַרויסרעדן געוויסע קלאַנגען און פלעגט פאַרבייטן אַ „ק״ אויף אַ „ט״, און אַ „ג״ אויף אַ „ד״, ווען ער האָט אָנגעהויבן לערנען חומש.

צו זעקס יאָר האָט דער קליינער פּרץ אָנגעהויבן צו לערנען גמרא. און ער האָט אַרויסגעוויזן וואונדערבאַרע פעיאיקייטן. ער איז שנעל גע-גאַנגען פון מלמד צו מלמד, אַלץ צו העכערע און העכערע, ביז עס איז פאַר אים מער ניט געווען קיין פּאַסיקער מלמד אין שטאָט. דעמאָלט האָט ליבוש, לויט דער עצה פונ׳ם שטאָטישן רב, אָנגעהויבן צו לערנען פאַר זיך אין שול.

פּרץ איז פון קינדווייז אויף געווען זייער אַ לעבעדיקער אינגל און דערצו טאַקע אויך אַ גרויסער שטיפער. אין זיינע „זכרונות״ דערציילט פּרץ שפּעטער וועגן אַ סך פון זיינע קינדערשע שטיפעריייען. ער איז אויך געווען דער אָנפירער פון די אַנדערע אינגלאַך, ווען מען האָט געדאַרפט אָפּטאָן אַ שפּיצל דעם בייזן רבי׳ן, אָדער ווען מען האָט זיך געדאַרפט שלאָגן מיט די קינדער פון אַ דערבייאיק שטעטל. און ווען פּרץ האָט אָנגעהויבן לערנען פאַר זיך, אָן אַ רבי׳ן אין שול, האָט ער אמת ניט ווייניק געלערנט, אָבער אויך ניט ווייניק געשטיפט און אַרומגעלאָפן איבער די גאַס!. דאָס האָט באַוואויגן די עלטערן פּרץ׳עס אַוועקצושיקן זייער בחור׳ל לערנען אין אַ נאָענטן שטעטל, אין שערבשין, צו דעם דאָרטיקן רב, רב פנחס׳לען.

זאַמאָשטש, וואו פּרץ איז געבאָרן געוואָרן, איז געווען אַ גאַנץ באַדייטנדע שטאָט, מיט אַ סך געמויערטע הייזער פון עטלאַכע שטאָק, אין דער שטאָט איז אויך געווען אַ פעסטונג מיט וואַלן אַרום, און אויף יענער זייט שטאָט — שיינע פאַרשאָטנטע שפּאַציר-פּלעצער און גרינע פייכטע לאָנקעס און קליינע בערגלאַך מיט שלאַנקעביימער. פּרץ פלעגט זייער אָפט בייטאָג אַרויס פון שטאָט און שפּאַצירן אין דער שיינער סביבה.

און ער האָט שטאַרק ליב געהאַט זאַמאָשטש. אַזוי אַז ווען פּרץ איז אָנגעקומען אין שערבשין, האָט ער זייער שטאַרק געבענקט נאָך זיין געבורטשטאָט. שערבשין איז געווען אַ קליין שטעטל מיט הילצערנע הייזלאַך, און די סביבה איז געווען אָרעם און איינטאָניקע. און הגם דאָס לערנען ביי דעם שערבשינער רב איז געווען ניט גוואַלדיק שווער, דאָך האָט פּרץ לאַנג אין שערבשין ניט געקאָנט פאַרבלייבן. פון בענקעניש איז ער קראַנק געוואָרן, און מען האָט אים געמוזט אָפּשיקן צוריק אַהיים.

יצחק ליבושעס פּאָטער, יהודה פּרץ, איז געווען זייער אַן איידעלער מענש, ער פּלעגט שטענדיק זאָרגן פאַר די אָרימע מענשן פון שטעטל, הגם אַליין איז ער געווען ניט רייך. און דערצו איז ער געווען אַ גרויסער למדן און אַ פרומער מאַן. אָבער ער איז געווען אַ מתנגד און ניט קיין פאַנאַטישער מענש.

די באַוועגונג צו בילדן זיך, צו קענען אַנדערע שפּראַכן און די וועלטלאַכע וויסנשאַפטן, אָדער די השכלה, ווי מען האָט דאָס דעמאָלט גערופן, האָט אין זאַמאָשטש שוין געהאַט פאַרבלאָנדזשעט מיט יאָרן פריער. פון זאַמאָשטש זיינען שוין געווען אַרויס ביז דעמאָלט אַזעלכע געבילדעטע לייט, ווי דער אידישער פאַבל-דיכטער ד״ר שלמה עטינגער און אַלכסנדר צעדערבוים, וואָס האָט דער ערשטער אַרויסגעגעבן אַ צייטונג אויף אידיש. פּרצ׳עס פאָטער האָט דעריבער נישט געשטערט דעם זון זיינעם בילדן זיך. ער האָט אים געדונגען לערער אויף העברייאיש, אויף דייטש און אויף רוסיש. פּרץ האָט זיך מיט גרויס התמדה גענומען לערנען די שפּראַכן, נישט קוקנדיג אויף דעם, וואָס זיינע לערער (אַ טאַביק-הענדלער אויף העברייאיש און אַ האַלב שיכור׳ער פעלדפעבעל אויף רוסיש), זיינען געווען גאַנץ ווייט פון צו זיין פּעדאַגאָגן. אין דער זעלבער צייט האָט פּרץ מיט חשק געלערנט איין העברייאיש חקירה-ספר נאָכ׳ן אַנדערן, ער האָט דורכגעלערנט אַזעלכע ספרים, ווי „חובות הלבבות“, „עקרים“ און באַזונדערס געגנוי דעם „מורה-נבוכים“ פון דעם רמב״ם.

אדאַנק די דאָזיקע ספרים איז דער יונגער פּרץ אַרויפגעגאַנגען אויפ׳ן וועג פון צווייפלען. עס זיינען ביי אים אַנטשטאַנען ספקות, צי איז אַלץ אין דעם אידישן גלויבן און אין די אידישע מנהגים גוט און ריכטיק. פּרץ האָט זיינע צווייפלען נישט באַהאַלטן, און מען האָט אים אין שטאָט אָנגעהויבן צו האַלטן פאַר אַן אפיקורס.

אין גיכן האָט דער יונגער פּרץ דורך אַ צופאַל באַקומען אַ צוטריט צו אַ ביבלאָטעק, אין וועלכער עס זיינען געווען אַ סך דייטשישע, פראַנ-

צווישע און פוילישע ביכער. דאָס איז געשען אזוי: איין פאַרנאַכט איז פּרץ אַרוים אויסער׳ן שטאָט און איז פאַרגאַנגען צום הויז פון איינעם א מאַן, מיטן נאָמען מיכל פידלער. דער לעצטער האָט דערזען פּרץ׳ן, איז ער אַרוים מיט אַ ספר אין האַנט, איז צוגעגאַנגען צו פּרצ׳ן און געזאָגט: „מען זאָגט אויף דיר, דו ביסט אַן עילוי, נעם, לייען אָט דאָ דורך די שטעל אין דעם ספר און זאָג, וואָס דאָס באַטייט״. פּרץ האָט גענומען דעם ספר, האָט דורכגעלייענט, פאַרשטאַנען און פאַרטייטשט. „ביסטו דאָך טאַקע אַן עילוי״, האָט זיך פידלער אָפּגערופן, געבעטן פּרצ׳ן וואַרטן אַ ווײַלע, איז אַרויף צו זיך אין הויז, און איז אין אַווײַלע אַרום אַראָפּ מיט אַ שליסל אין האַנט. דאָס איז געווען דער שליסל פון אַ גאַנץ באַדייטנדער ביב-ליאָטעק. פּרץ האָט זיך באַלד מיט גרוים היץ אַרויפגעוואָרפן אויף די נייע ביכער, האָט געלייענט אַלץ כסדר און, עס האָט זיך פאַר אים אַנטדעקט אַ גאַנץ נייע וועלט, אין גאַנצן אַנדערש פון דער אידישער וועלט, אין וועלכער ער האָט ביז דאַמאָלט געלעבט. און וואָס ברייטער עס איז גע-וואָרן דער האָריזאָנט פונ׳ם יונגן פּרצ׳ן אַ דאַנק די נייע ביכער, וואָס ער האָט געלייענט, אַלץ ענגער איז פאַר אים געוואָרן זיין אייגן שטעטל. עס זיינען ביי אים אַנטשטאַנען אַ סך נייע פראַגן, אויף וועלכע ער האָט ניט געהאַט קיין ענטפער, און אַ סך נייע געדאַנקען, וועלכע ער וואָלט געדאַרפט ווּעמען עס איז אַרויסזאָגן.

אין אָט דעם נייעם צושטאַנד פון גייסט האָט פּרץ געזוכט אַ מענשן, מיט וועלכן ער זאָל זיך קאָנען טיילן מיט זיינע געדאַנקען און ספקות, פאַר וועמען ער זאָל קאָנען אויסגיסן זיין האַרץ, און וועלכער זאָל אים קאָנען פאַרענטפערן זיינע פראַגן. און ער האָט אַזאַ מענשן געפונען אין איינעם אַ ליטוואַק, וואָס איז מיט אַ צייט פריער געווען געקומען קיין זאַמאָשטש, איז דאָרט געווען אַ לערער פון רוסיש און נאָכדעם געוואָרן ראַרט ראַבינער. פּרץ האָט זיך מיט אים אָפנהאַרציק דורכגערעדט, און יענער האָט אים געראַטן, ער זאָל פאַרלאָזן זאַמאָשטש און אַוועק קיין ווילנא אָדער קיין זשיטאָמיר, וואו עס זיינען דעמאָלט געווען ספּעציעלע ראַבינער-שולן, אין וועלכע מען האָט שטודירט פאַר ראַבינער און לערער. דער ליטוואַק-ראַבינער איז אַפילו גרייט געווען אַרויסצוהעלפן דעם יונגן פּרצ׳ן מיט געלט, ער זאָל האָבן מיט וואָס צו לאָזן זיך אין דער וועלט. פּרץ האָט געפאָלגט די עצה און האָט זיך שוין צוגעקליבן שטילערהייט צו פאַרלאָזן זאַמאָשטש. אָבער זיין נסיעה איז צעשטערט געוואָרן פון זיין מוטער.

פּרצ׳עס מוטער, רבקה אָדער ריוועלע, האָט געשטאַמט פון זייער אַ געהויבענער משפחה און געהאַט זייער אַ שטאָלצן פאָטער, וואָס פלעגט

זיך ניט דערנידעריקן אפילו פאר די גרעסטע פריצים, מיט וועלכע ער האָט געטאָן געשעפט. פון אים פילייכט האָט דער יונגער פּרץ באַקומען בירושה זיין שטאָלצן כאַראַקטער, וואָס האָט זיך ביי אים אַרויסגעוויזן נאָך פון קינדווייז אויף. אָבער אַליין איז זי געווען אַ שטילע, אַ גוטע און אַ פרומע אידישע פרוי, אַ ביסל קאַרג צו זיך, אָבער קיין מאָל ניט קאַרג, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן געבן צדקה. זי האָט שטאַרק ליב געהאַט אירע קינדער און איז זיי געווען זייער שטאַרק איבערגעגעבן, און איר מוטערס אויג האָט באַמערקט, אַז איר ליבוש וויל „אַנטלויפן" פון דער היים. און אין דער נאַכט פאַר'ן „אַנטלויפן" איז זי שטיל אַריין צו פּרצ'ן אין צימער, האָט זיך אָנעקגעזעצט אַנטקעגן בעט, און שטיל, שטיל האָבן איר אָנגעהויבן רינען טרערן פון די אויגן, און אַזוי איז זי אָפּגעזעסן ביז אין דער פרי. פּרץ האָט דאָס געזען, ער האָט געפילט, וואָס פאַר אַ קלאַפּ זיין אָפּפאָר וועט זיין פאַר זיין מוטער, און ער איז געבליבן אין דער היים.

כדי אָפּצוציען דעם יונגן פּרצ'ן פון געפערלאַכע געדאַנקען און אונ־טערנעמונגען, האָבן זיינע עלטערן באַשלאָסן אים וואָס גיכער חתונה צו מאַכן. און אין עטלאַכע טעג אַרום נאָכ'ן אינצידענט מיט זיין קלייבן זיך צו אַנטלויפן, האָבן זיינע עלטערן געטאָן מיט אים אַ שידוך מיט דער טאָכטער פון אַן אָנגעזעענעם בעל־הבית אין זאַמאָשטש, גבריאל יהודה ליכטנפעלד.

## 2

נאָך דער חתונה איז פּרץ געבליבן וואוינען אין זאַמאָשטש. אַזוי ווי ער האָט געקאָנט גוט רוסיש, האָט ער זיך אָנגעהויבן באַשעפטיקן מיט אַדוואָקאַטור און דערפון געמאַכט אַ לעבן. אָבער דאָס גייסטיקע לעבן פּרצ'עס האָט געפאָדערט זיינע שפּייז, און פּרץ האָט אָנגעהויבן שרייבן. ער האָט שוין אויך פריער געפּרוּווט שרייבן לידער, איצט אָבער האָט ער זיך אָפּגעגעבן דער שרייבערישער טעטיקייט מיט מער ענערגיע. און דער שווער זיינער — ג. י. ליכטנפעלד, וואָס איז געווען אַ משכיל און אַליין אַ העברייאישער שרייבער, האָט נאָך פּרצ'ן צוגעגעבן חשק צו שרייבן. פּרץ האָט אויך געשריבן אויף העברייאיש, און אין גיכן האָבן זיי ביידע צוזאַמען אַרויסגעגעבן אַ ביכעלע מיט העברייאישע שירים.

אָבער פּרץ איז גאַנץ פרי געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז בלויז דאַן ווען אַ אידישער שרייבער שרייבט אין אידיש, האָט ער אַ געלעגנ־הייט, אַז דער ברייטער אידישער עולם זאָל אים לייענען און פאַרשטיין,

און אַז ערשט דעמאָלט האָט די שאַפונג פון דעם שרייבן אַן אמת׳ע באַ-דייטונג. ער האָט דעריבער אָנגעהויבן שרייבן אויך אין אידיש, און זיינע אידישע לידער זיינען אין שטעטל אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז מען פלעגט זיי איבערשרייבן איינער ביי דעם אַנדערן, און מען האָט צו אייניקע אַפילו צוגעפּאַסט ניגונים און געזונגען זיי.

זיין איבערצייגונג אין דעם, אַז מען דאַרף שרייבן אין אידיש. אין ד׳ער לעבעדיקער שפּראַך פון די אידישע מאַסן, האָט פּרץ אויסגעדריקט אין אַ העברייאיש ליד. דאָס ליד האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, און פּרצ׳עס נאָמען איז באַוואוסט געוואָרן אויסער די גרעניצן פון זיין שטעטל.

אָבער פּרצ׳ן איז אַלץ ענגער געוואָרן אין זיין געבורט-שטאָט. פון צייט צו צייט פלעגט ער באַזוכן אַ גרעסערע שטאָט, ווי פּלאָצק אָדער וואַרשע; ער פלעגט זיך דאָרט טרעפן מיט שרייבער, אָפּגעבן אַמאָל אַ ליד צו דרוקן ערגעץ אין אַ זאַמלבוך, דורכרעדן זיך וועגן פאַרשיידענע זאַכן און קומען צוריק. פּרץ האָט ניט געקאָנט זיינענדיק אין זאַמאָשטש אויסנוצן און אַרויסווייזן זיין טאַלאַנט. ער האָט ווייניק געשריבן, און פון אידישע זאַכן, וואָס ער האָט יאָ געהאַט אָנגעשריבן, האָט ער נאָך קיינזאַך ניט געדרוקט, אים האָט דעריבער שטאַרק געצויגן אין אַ גרויסער שטאָט.

אין 1887 האָט שלום-עליכם, שוין דאַן אַ גאַנץ באַרימטער אידישער שרייבער, אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין קיעוו אַ זאַמלבוך מיט׳ן נאָמען „די יודישע פאָלקס-ביבלאָטעק”. פּרץ האָט אַוועקגעשיקט פאַר׳ן זאַמלבוך זיינס אַ גרויס ליד — די באַלאַדע „מאָניש”. שלום-עליכם האָט עס אָפּגעדרוקט, און דאָס ליד האָט אַרויסגערופן גרויס אויפזען. אין אַ יאָר אַרום האָט פּרץ אָפּגעדרוקט אינ׳ם צווייטן באַנד פון דער „יודישער פאָלקס-ביבלאָטעק” עט-לאַכע דערציילונגען זיינע, און די לעצטע זיינען שטאַרק געפעלן געוואָרן. די וואָס פאַרשטייען ליטעראַטור, האָבן באַמערקט דעם גרויסן טאַלאַנט פּרצ׳עס און אָנגעהויבן וועגן אים צו רעדן. דאָס האָט צוגעגעבן מוט פּרצ׳ן און ער האָט געשריבן ווייטער, אָבער ער האָט מער ניט געהאַט וואו צו דרוקן זיך, ווייל די פאָלקס-ביבלאָטעק האָט אויפגעהערט צו ערשיינען.

אין וואַרשע האָט אין יענער צייט געלעבט דער אידישער שרייבער יעקב דינעזאָן, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט אָנגעשריבן עטלאַכע אידישע ראָמאַנען, וואָס זיינען דעם עולם שטאַרק געפעלן געוואָרן, און דורך וועלכע ער איז געוואָרן גאַנץ באַרימט. פּרץ האָט צו אים צוגעשיקט עטלאַכע זיינע

נייע זאַכן. דינעזאָן האָט שוין פריער געהאַט געלעזן פּרץ'עס זאַכן אין דער „אידישער פאָלקס-ביבליאָטעק", און זיין נאָמען איז אים געווען באַקאַנט. איצט האָט ער דורכגעלייענט פּרץ'עס זאַכן, וואָס יענער האָט אים צוגעשיקט, און ער איז פון זיי אַזוי נתפעל געוואָרן, אַז ער האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן זיי אין אַ באַזונדער ביכעלע. דערפון האָט זיך אָנגעהויבן די פריינדשאַפט צווישן דינעזאָנען און פּרצ'ן. אַ טיפע פריינדשאַפט, וואָס האָט געדויערט ביז פּרץ'עס טויט.

איינמאָל האָט מען פּרצ'ן געמסר'ט אין זאַמאָשטש און מען האָט ביי אים אָפּגענומען דאָס רעכט צו באַשעפטיקן זיך ווייטער מיט אַדוואָקאַטור. פּרץ האָט דעמאָלט באַשלאָסן אַריבערצוקלייבן זיך אין וואַרשע. דאָרט האָט ער צוערשט גענומען אַן אָנטייל אין אַ סטאַטיסטישער אויספאָרשונג, וואָס איינער אַ געלערנטער—בלאָך—האָט דורכגעפירט צווישן די פּוילישע אידן. פּרץ האָט צוליב דער אויספאָרשונג געמאַכט אַ רייזע איבער אייניקע שטעטלאַך פון פּוילן, און שפּעטער האָט ער אין זיינע שיינע „רייזע-בילדער" אונז געמאָלן די טיפּן, וואָס ער האָט באַגעגנט אויפ'ן וועג.

אין 1889 האָט זיך פּרץ אויף שטענדיק באַזעצט אין וואַרשע. ער האָט באַקומען אַ שטעלע אין דער וואַרשעווער אידישער גמינע אין דער בית-עלמין אָפּטיילונג. דאָרט פלעגט ער אַרבעטן דעם ערשטן האַלבן טאָג, און דעם צווייטן האַלבן טאָג האָט ער אָפּגעגעבן זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. אויף זיין שטעלע אין דער גמינע האָט זיך פּרץ געפילט ניט גוט, די סביבה איז דאָרט געווען אַן אַסימילאַטאָרישע, אַזאַ וואָס האָט ניט נאָר ניט געהאַט קיין סימפּאַטיעס פאַר פּרץ'עס אידישער ליטעראַרישער טעטיקייט, נאָר וואָס האָט זיך צו איר נאָך באַצויגן מיט פיינדשאַפט. ניט איינמאָל האָט פּרץ דעריבער געוואָלט רעזיגנירן פון זיין שטעלע; נאָר די ליטעראַרישע אַרבעט פּרץ'עס האָט כמעט קיינמאָל, אויסער אפשר די לעצטע יאָרן זיינע, ניט געקאָנט דערנערן זיין פאַמיליע, און ער האָט מיט פאַרביסענע ליפּן געמוזט אָנהאַלטן זיין פּלאַץ. אָבער פּרץ האָט זיך קיינמאָל ניט דערנידעריקט פאַר די פירער פון דער גמינע, וואָס זיינען געווען זיינע בעלי-בתים. ער איז אַלעמאָל געווען זעלבשטענדיק אין זיינע מיינונגען און אין זיינע טאַטן, און אין יאָר 1913 איז ער אפילו אָפן און מיט היץ אַרויסגעטראָטן געגן די אַסימילאַטאָרישע גמינע-פירער, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ערוויילן דעפּוטאַטן פון וואַרשע אין דער רוסישער דומע. די אַסימילאַטאָרישע גמינע-רעדל-פירער זיינען גרייט געווען צו שטיצן דעם קאַנדידאַט פון די פּוילישע בורזשואַזע פּאַרטייען, וואָס האָט עפנטלאַך דערקלערט, אַז ער איז אַן אַנטיסעמיט. און פּרץ איז דעמאָלט אַרויסגע-

טראָטן צו שטיצן דעם קאַנדידאַט פון די פּוילישע אַרבעטער און סאָציאַ-
ליסטן, וואָס איז טאַקע ערווײלט געוואָרן.

ווען פּרץ האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע, האָט ער אָנגעהויבן אַרויס-
צוגעבן זײַנע זאַכן. ער האָט אַרויסגעגעבן די זאַמלביכער: „יודישע ביב-
ליאָטעק", „ליטעראַטור און לעבן" און „יום-טוב בלעטלאַך". ער האָט
געשריבן אין אָט די זאַמלביכער זײַנע דערציילונגען, מעשה׳לאַך, לידער,
פעליעטאָנען און אַנדערע זאַכן, ער פלעגט שרייבן אויסער אונטער
זײַן אייגענעם נאָמען אויך אונטער פאַרשידענע פּסעוודאָנימען, ווי: לצפר,
פלאי, בן-תמר, ד"ר שטיצער, לאָמפּנפּוצער, דער לץ פון דער רעדאַקציע
א. אַנד. צו די זאַמלביכער האָט פּרץ צוגעצויגן אויך אַ גאַנצע ריי נייע יונגע
אידישע שרייבער.

בכלל האָט פּרץ ליב געהאַט צו מוטיקן די אַלע, וואָס האָבן נאָר אַרויס-
געוויזן אַ ווילן עס איז טאַלאַנט צום שרייבן. זײַן הויז איז ביסלאַכווייז
פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זאַמלפּלאַץ פאַר דער אידישער ליטעראַרישער
משפּחה. יעדער איינער, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ ווילכע עס איז שיכות
צו דער אידישער ליטעראַטור, האָט געפונען פאַר נייטיק צו באַזוכן פּרצ׳ן,
ווען ער איז געקומען קיין וואַרשע. און די וואַרשעווער שרייבער זײַנען
געווען שטענדיקע איינגייער ביי פּרצ׳ן. אַ גאַנצן טאָג שבת פלעגט פּרצ׳עס
הויז זײַן פול מיט די שרייבער-געסט. יעדער איינער פלעגט ברענגען אַהין
זײַנע נייע זאַכן פאָרצולייענען און צו באַקומען פּרצ׳עס מיינונג. פּרץ האָט
ניט נאָר אַליין געשריבן, נאָר ער האָט אויך גוט פאַרשטאַנען ליטעראַטור
און געקאָנט ריכטיק אָפּשאַצן דעם ווערט פון אַ ליטעראַרישער זאַך. און
ווייל פּרץ איז אין דעם קרייז פון די שרייבער געשטאַנען העכער פון אַלעמען
מיט אַ קאָפּ, האָט ער אויך געקאָנט זײַן אומפּאַרטייאיש און אָנ׳פּניה׳דיק.
ער האָט זיך אָבער קיינמאָל ניט געגרויסט און האָט זיך צו יעדן איינעם
אין דער אידישער ליטעראַרישער משפּחה באַצויגן ווי צו אַ גלייכן. ער אַליין
פלעגט אויך יעדעס מאָל אויף די שבת׳דיקע צוזאַמענקונפטן פאָרלייענען
זײַנע נייע נאָך ניט געדרוקטע זאַכן, און פרעגן ביי די אַנוועזנדע זייער
מיינונג און אויפנעמען די קריטיק אָן כעס אָדער אויפרעגונג.

פון פּרצ׳עס אָנקומען קיין וואַרשע איז זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט
געוואָרן אינטענסיווער פון טאָג צו טאָג, און צוזאַמען דערמיט איז אויך
געוואַקסן זײַן נאָמען אומעטום, וואו עס האָבן נאָר געוואוינט אידן. פּרץ
האָט געשריבן ווי שוין געזאָגט, פאַרשידנאַרטיקע זאַכן: לידער, דערציי-
לונגען, מעשה׳לאַך פעליעטאָנען, פּובליציסטישע אַרטיקלען א. ד. ג. און

אין אַלץ וואָס ער האָט געשריבן, איז ער געווען ניי און אָריגינעל. ער האָט באַקומען אַ סך נאָכפאָלגער און נאָכאַמער. ער האָט דעריבער באַקומען דעם נאָמען: „דער פאָטער פון דער אידישער ליטעראַטור" — אַ נאָמען וואָס ער האָט אמת פאַרדינט.

אין יאָר 1901 האָט מען אין וואַרשע געפייערט דעם 25-יעריקן יובילייאום פון פּרץ'עס ליטעראַרישער טעטיקייט אין אידיש. דאָס איז געווען אַן אמת'ער יום-טוב פון דער אידישער ליטעראַטור. צו דעם יובילייאום האָט מען אויך אַרויסגעגעבן די געזאַמלטע ווערק פּרץ'עס. אָבער נאָך דעם יובילייאום האָט פּרץ נאָך מיט מער ענערגיע אָפּגעגעבן זיך זיין שעפערישער ליטעראַרישער אַרבעט. ער האָט זיך גענומען פאַר נייע ליטע-ראַרישע פאָרמען: ער האָט געשריבן פאָלקסטימלאַכע געשיכטן, דראַמעס א. אַנד. פּרץ האָט גענומען אַ גרויסן אַנטייל אין אייניקע אידישע אויסגאַבן, ווי דער וועכנטלאַכער זשורנאַל „דער יוד", און די טעגלאַכע צייטונגען „פריינד" און שפּעטער „היינט", אין 1909 הייבט אָן ערשיינען אַ פולע אויסגאַבע פון פּרץ'עס ווערק אין 10 בענדער, אַן אויסגאַבע וואָס איז געווען אַן אמת'ער אוצר פאַר דער אידישער ליטעראַטור. אין דער זעלבער צייט האָט מען אויך אָנגעפאַנגען איבערזעצן פּרץ'עס ווערק אין אַנדערע שפּראַכן.

אין די לעצטע יאָרן פון פּרץ'עס לעבן איז זיין נאָמען געווען גרויס אין אַלע אידישע קרייזן סיי אין אייראָפּע, סיי אין אַמעריקע. און פלעגט פּרץ אַמאָל אַראָפּפאָרן אין אַן אַנדער שטאָט אויף אַ פאָרלעזונג אָדער אויף אַ פאַרזאַמלונג, איז דאָס דאָרטן געווען דער גרעסטער יום-טוב.

פּרץ האָט געהאַט זייער אַ טעטיקע נאַטור, ער איז געווען ניט נאָר אַ שרייבער, נאָר אויך אַ געזעלשאַפטלאַכער טוער. ער האָט ניט באַלאַנגט צו קיין באַשטימטער פּאַרטיי, הגם ער האָט מער ווי אַלץ סימפּאַטיזירט מיט דעם אידישן אַרבעטער און מיט זיינע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. אָבער ער האָט גענומען אַן אַנטייל אין יעדער קולטורעלער אידישער באַ-וועגונג. צווישן אַנדערש האָט ער אָפּגעגעבן אַ סך צייט פאַר דעם וואַר-שעווער „הזמיר", אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פאַר-שפּרייטן ליטעראַטור און קונסט צווישן די אידישע מאַסן אין וואַרשע. פּרץ האָט אויך גענומען אַן אַנטייל אין דער טשערנאָוויצער 'קאָנפערענץ' פאַר דער אידישער שפּראַך" אין יאָר 1907, וואו ער איז געווען ערווילט פאַר וויצע-פאָרזיצער, און וואו ער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער פאָרמולירונג פון די רעכט און פון דער באַדייטונג פון דער אידישער שפּראַך.

דעם לעצטן צענדליק יאָר האָט פּרץ געלעבט אין ווארשע אין גרויס כבוד, אַרומגערינגלט פון די בעסטע אידישע שרייבער, ווי פון זיינע אייגענע קינדער, אָבער אָט איז אָנגעקומען די וועלט-מלחמה, די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צוצוקומען אַלץ נענטער צו ווארשע. די רוסישע אַרמיי איז אָפּגעטראָטן און האָט דערביי פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלאַך אַרויס-געשיקט די אידן. און גרויסע מאַסן היימלאָזע אידן האָבן זיך אַוועקגע-לאָזן קיין ווארשע, דאָ האָבן זיי עלנטע און הונגעריקע ממש געוואַלגערט זיך אין די פאַרשידענע אַנשטאַלטן און פּלעצער, וואָס די ווארשעווער גמינע און אַנדערע אידישע וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס האָבן פאַר זיי אָפּגעגעבן. עס איז געווען האַרצרייסנד צו קוקן, ווי אָט די אַלע אומגליקלאַכע וואַלגערן זיך אין שמוץ, ווי עס פאַרשפּרייטן זיך צווישן זיי פאַרשיידענע קראַנקהייטן, און עס איז ניטאָ, ווער עס זאָל אַכטונג געבן אויף זיי און אַרויסהעלפן. פּרץ'עס פילנד האַרץ האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן די ליידן פון אָט די אומגליקלאַכע, און ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו העלפן זיי. באַזונדערס אָבער האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט העלפן די קליינע קינדער פון די היימלאָזע. ער האָט צוזאַמען מיט דינעזאָנען געגרינדעט פאַר זיי קינדערהיימען, וואו מען פלעגט זיי געבן עסן און טרינקען, וואו מען פלעגט זיי קליידן און לערנען. פּרץ האָט אַליין געשריבן לידלאַך, וואָס די קינדער האָבן דערנאָך געזונגען אין די קינדערהיימען.

אָבער פּרץ'עס האַרץ איז געווען שוואַך. נאָך אין 1905, נאָך די אידישע פּאָגראָמען, האָט ער באַקומען אַ האַרץ-פעלער. און איצט זיינען די צרות און די ליידן פון אַרום געווען נאָך גרעסער. און זיין האַרץ האָט ניט אויסגעהאַלטן. זיצנדיק ביי זיין טיש און שרייבנדיק אַ לידל פאַר די קינדער פון די קינדערהיימען, איז ער געשטאָרבן פון אַ האַרצשלאַג דעם 21-סטן מאַרט 1915 (חול-המועד פּסח), אויפ'ן 64-סטן יאָר פון זיין לעבן.

פּרץ'עס טויט איז געקומען ווי אַ דונער פאַר די ברייטע אידישע מאַסן, וואָס האָבן פּרץ'ן געליינט, געוואוסט ווי צו שעצן און ליב געהאַט. אין ווארשע און אין פיל אַנדערע שטעט איז דער טאָג פון פּרץ'עס לוויה געווען דער גרעסטער טרויער-טאָג פאַר די אידן.

אָבער אויב פּרץ איז טויט, זיינען פאַרבליבן לעבן פּרץ'עס ווערק. און זיי, די ווערק זיינע, פּיליכט דאָס שענסטע וואָס די אידישע ליטע-ראַטור פאַרמאָגט, טוען אויך איצט ווייטער פּרץ'עס גרויסע אַרבעט: זיי לערנען אונז צו פאַרשטיין און ליב האָבן דאָס שענסטע, וואָס עס איז פאַראַן אינ'ם אידישן לעבן; זיי לערנען אונז צו שטרעבן צו אַ העכער, איידעלער און שענער לעבן. און כל זמן מען וועט לייענען די אידישע ליטעראַטור, וועט דער נאָמען פונ'ם „פאָטער פון דער אידישער ליטעראַטור", דער נאָמען פון יצחק לייבוש פּרץ, דערמאָנט ווערן מיט אכטונג און מיט יראת-הכבוד.



# בילדונג.

אונזער פּראָגראַם איז בילדונג: מיר ווילן בילדן דאָס פאָלק, מאַכן אוים נאַרן — קלוגע, אוים פאַנאַטיקער — געבילדעטע מענשן; אוים לײַדיק-גײַער און לופט-שלינגער — אַרבעטער; נוצלאַכע, אָרנטלאַכע מענשן, וואָס אַרבעטן פאַר זיך, און דעם כלל קומט דערפון אַ טובה אַרוים.

אונזערע שונאים זאָגן, אַז דער כלל אידן איז פּיאַווקעס, קאַטאַרזשניקעס, כל-בו׳ניקעס... אונזערע שפּעטער זאָגן, אַז דער אידישער מוח איז אַ פאַרפוילטע הושענא, דאָס האַרץ — אַ קיזלשטײַן, די הויט — פאַרוואַרלאָזיקט און אַלע אברים — קרום און לאַם.

אונזערע שאַוויניסטן זאָגן: אַז ישראל׳יק איז גאָטס בן-יחיד׳ל — זײַן וויג איז אמונה, זײַן קאָפּן-קישעלע — בטחון, זײַנע ווינדעלאַך — יריעות פון מקדש, זײַן סליניאַק — אַ פּרוכת, זײַן וויקל-שנור — משה רבינו׳ס גאַרטל, זײַן האַרץ — מלאכים-לעבער, זײַן מוח — דער אָרון מיט די כרובים, זײַנע טשעמעניעס אויפ׳ן קאָפּ — הײליק לבנון-גראָז.

מיר זאָגן אײנפאַך: מיר אידן זענען מענשן ווי אַלע מענשן! מיר האָבן מעלות, מיר האָבן חסרונות, מיר זענען נישט קײן געטער, נישט קײן טײַוולאָנים, נאָר מענשן. און מענשן דאַרפן זיך בילדן, שטענדיק לערנען, מיט יעדן טאָג ווערן קליגער, בעסער און פײַנער.

בטבע זענען מיר גלײַך ווי אַלע מענשן; און דאָך איז אונזער פאָלק נישט גלײַך צו אַנדערע פעלקער, ווײַל אונזער לעבן איז אַנדערש, אונזער רבי איז — דער גלות...

דעם גלות האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אַ סך, אַ סך מעלות, נאָר אַ סך חסרונות אויך. אין דעם טויזנטער-יאָריקן לעבנס-שטרײַט, בפרט פאַרצײַטן, ווען אַלע פעלקער האָבן כוח געזאַמלט און באַנוצט אויף

מאָרד, ברענען און צווינגען, האָבן מיר כוחות געזאַמלט און באַנוצט אויף סבלנות, אויף אויסהאַלטן, אויסדולדן, איבערלייַדן די שלעכטע צייַט. י ע נ ע קראַפט וואַקסט אַזוי לאַנג, ביז זי טרעפט אויף אַ גרעסערער און פּלאַצט ווי אַ זייַפנבלאָז; א ו נ ז ע ר קראַפט וועט שוין אויף קייַן גרעסערער נישט טרעפן. דעריבער זענען אַ סך פעלקער אונטערגעגאַנגען, און מיר לעבן און ווילן לעבן אייביק...

צייַט מיר זענען אין גלות, האָבן מיר אויף אונזער געוויסן קייַן איינציקן טראָפּן פרעמד בלוט; דער פעלקער-פּאַנאַטיזם האָט אונזער פּאָן מיט בלאָטע באַשפּריצט, מיר האָבן אים מיט אייגן בלוט געוואַשן.

און ווייַל מיר זענען אין גלות, ווייַל מיר עסן שטענדיק בייַ אַ פרעמדן טיש, ווייַל מיר זענען אייביקע אומגליקלאַכע אורחים אויף דער וועלט, דעריבער האָפן מיר צו דער מענשהייַט, דעריבער איז מענשלאַכקייַט אונזער הייליקסטער אידעאַל, דעריבער איז אונזער ע ג אָ א י ז ם (אייגנליבע) די ריינסטע מענשנליבע! ווייַל מיר פילן, אַז כל-זמן די מענשנליבע וועט נישט גובר זייַן, כל-זמן עס וועט זייַן קנאה-שנאה, תחרות און מלחמות, וועט אונז נישט גוט זייַן, דעריבער בעטן מיר שטענדיק אויף שלום; דעריבער זענען אונזערע הערצער ווי אַ שוואָם פאַר אַלע נייַעסטע אידייען; דעריבער האָבן מיר האַרץ, געפיל און מיטלייד מיט אַלע אומגליקלאַכע, מיט אַלע פאַרטריבענע, מיט אַלע געיאָגטע... דעריבער זענען מיר „רחמנים בני-רחמנים"...

און ווייַל קיינער וויל פאַר אונז נישט זאָרגן; ווייַל מיר האָבן שטענדיק געמוזט זיך אין זינען האָבן אַליין; ווייַל מיר האָבן שטענדיק צווישן שונאים געלעבט; ווייַל אונזער מאָרגן איז קיינמאָל נישט זיכער געוועזן; ווייַל אונזערע מחיות זענען שטענדיק באַגרע-ניצט, — האָבן מיר זיך מיט דער צייַט צוגעוויינט צום זאָרגן, צום דענקען, צום איינשפּאָרן, צו האַלטן שטענדיק קאָפּ, צו באַהאַלטן אויף אַ שלעכטן טאָג, צו וואַקסן אויף פעלזן אָן רעגן, אָן טוי...

און ווייַל מיר האָבן נאָר מיט אונזער גייַסט געשטריטן, ווייַל די הענט האָבן מיר געמוזט האַלטן בייַ זיך, זענען מיר גייַסטיקער און איידעלער געוואָרן...

די רעשט האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אונזער תורה, אונזערע נביאים און אונזערע בעלי התלמוד.

די איינהייט פון גאָט (אחדות הבורא), וואָס איז היינט אַלס „די איינהייט פון די קרעפטן" באַוויזן; דער: „ואהבת לרעך כמוך" וואָס אַלע פעלקער זאָגן אונז נאָך, כאָטש פון צונג צום האַרץ איז ווייט און צו דער האַנט — נאָך ווייטער; דער „חוקה אחת לכם ולגר הגר בתוככם", וואָס דער 19-טער יאָרהונדערט קען אים נאָך נישט פאַרדייען; די בריק, וואָס די תורה האָט געוואָרפן איבער דעם תהום צווישן רייך און אָרים מיט „לקט, שכחה ופאה"; דער איסור פון פראָצענט; דאָס באַגרעניצן פון נעמען משכנות; דער צער בעלי-החיים, וואָס איז פול אין אונזערע חוקים; שלמה המלכ׳ס געבעט ביי חנוכת-הבית; די נביאות, וואָס ווייזן אונז די מענשהייט אַלס דאָס גרעסטע גליק און אידעאַל; און — די זעלבע מאמרים דערגענצט און דערלייטערט אין תלמוד בבלי וירושלמי — דאָס אַלץ איז אונזער אייביקער שטאָלץ.

נאָך דעם ערשטן גלות (מצרים) האָבן מיר דער וועלט אַ תורה געגעבן; אינ׳ם צווייטן און דריטן גלות זענען מיר אַ לעבעדיקער פּראָטעסט געגן קנאה, שנאה, געגן פיזישער קראַפט, געגן „כל דאַלים גבר"!

דאָס איז אָבער נאָר דער אָדלער פון רענדל, דאָס רענדל האָט אָבער אַ „רעשקע" אויך; אין קעלער פוילט די בעסטע פּרוכט און וואַקסט איבער; מיר ליגן שוין טויזנטער יאָרן אין פינסטערן קעלער!

אַרום דער „אחדות הבורא" זענען געוואַקסן: כישוף פון כשדים, מלאכים פון בבל, סגולות פון אַפריקע, פאַנאַטישע זאַבאַבאָנעס פון אייראָפּייאישן מיטלאַלטער, נאַכגעמאַכטע פאַקטוירים צווישן גאָט און מענשן — גוטע אידן!

אויף דעם אָרט, וואָס די ריינע רעליגיע זאָל אונז פאַראייניקן, שפּאַלטן אונז פאַרשידענע פאַנאַטיזמען אויף דייטשן, מתנגדים און הונדערטער פאַרטייען חסידים. ווייל אמת איז נאָר איינער, שקרים — אַ סך! און יעדער שקר וויל זיינע בתי מדרשים, זיינע שול-קלאַפּער,

זיינע פאַנאַטיקער... און איר ווייסט, ווי טייער עס קאָסט אונז דאָס שפּיל... ווי פיל ממון און דמים עס ווערט פאַרגאָסן...

און — אויף דעם אָרט פון איין רעליגיע פאַרייניקט אונז איין חילול־השם! מיר צעפאַלן אויף מאַסן קופּקעלאַך. יעדער פאַנאַטיקער וויל פון זיין גאַרטל מאַכן אַן אוהל איבער כל ישראל, מען זאָל די וועלט פאַר זיך נישט זען, נאָר באַגנוגן זיך מיט זיין נשמה־ליכטל, וואָס רייכערט און לייכט נישט...

זאָל זיך אונזער ציוויליזאַציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט רחמנות, מיט ליבע, מיט מענשלאַכקייט, מיט חכמה — ענדיקן מיט צדיקים, צו וועלכע דער ריבונו של עולם איז בבחינת עבד; מיט געשלעג, מיט רדיפות, מיט מענשנהאַס, מיט פאַנאַטיזם? זאָל זיך די גאָלדענע קייט ענדיקן מיט בליי?

מיר ווילן ניט קיין רעפאָרמען!... ווער עס רוקט אָפּ די סטאַ־ווידלעס פון דעם אָרט, וואו די פאַליעס שלאָגן, אויף דעם אָרט, וואו דער טייך איז רואיק, — טוט נישט דעם טייך, נאָר די סטאַווידלעס אַ טובה!... מיר ווילן נאָר בילדן דאָס פאָלק! מיר ווילן אויפווייזן, וואָס עס איז אונזער און וואָס עס איז פרעמד; וואָס עס איז קערן און וואָס עס איז פּלעווע און שטרוי; אויך אומפלוט, וואָס האָט זיך צו אונז צוגעטשעפּעט אויף פאַרשידענע גלות־בעטן!... מיר ווילן נאָר ליכטיק מאַכן אין אונזערע מוחות, אַז די גוטע אמת׳ע אידייען, וואָס וואוינען דאָרט, זאָלן דערזען, ווער זייערע שכנים זענען, מיט וועמען זיי חבר׳ן זיך!

נאָר נישט דאָס איינע האָבן מיר דעם גלות צו פאַרדאַנקען. ווייל מיר האָבן נאָר מיט סבלנות געשטריטן, זענען מיר פייגלינגן געוואָרן; עס איז אויף אונז מקוים געוואָרן די קללה, אַז מיר וועלן ציטערן פאַר אַ גערויש פון אַ פויל בלעטל, און צען טויזנטער אַנט־לויפן, נאָך איידער מען יאָגט זיי. מיר האָבן אַמאָל די האַרפן צע־בראָכן און די פינגער זיך אָפּגעשניטן, אום ציון־לידער אין פרעמדן לאַנד נישט צו זינגען; און שפּעטער האָבן מיר פאַר אַ דרייער דעם ערשטן בעסטן שיכור „מה יפית" געזונגען; מיר זענען הינטער־ליסטיקע שמייכלער געוואָרן, אונזער געפיל און שטאָלץ פאַרלוירן...

און — ווייל מיר האָבן צו פיל געבאָטענע און אומגעבאָטענע תעניתים געהאַט, שטענדיק פון דער וואַנט פרנסה געצויגן, האָבן מיר פאַר־בויגן אַ ביסל דעם יושר...

מיר האָבן מיט סבלנות געשטריטן און דעריבער — אַ שטיק ליים געוואָרן, אין וועלכן, אין יעדער צייט, אויף יעדן אָרט שטעקט יעדער פושער אַריין די הענט און מאַכט פון אונז, וואָס ער וויל. מיר לעבן נישט מיט א ו נ ז ע ר לעבן... מיר זענען געוואָרן ווי אַ גולם, און ווער עס וויל בלאָזט אַריין פון זיין אָטעם... שטרעקט אַ פאָלק צו אונז אויס אַ מינדסטן פינגער פון דער לינקער האַנט, פאַלן מיר אים צו די פיס און קושן די קנעכל; שרייט אַ שונא... „נרפים אתם נרפים!", איר מאַכט נאָר פּיראַמידן און ווילט אַליין קיין שטרוי נישט קלויבן... ווערט אַ געשריי: „שטרוי קלויבן איז די ערלאַכסטע פרנסה!" שרייט אַ המן: „ודתיהם שונות מכל עם ועם", ווערט אַ געשריי אויף דער גאַנצער ליניע: שערט אונטער די אַרזי הלבנון, זיי זאָלן נישט העכער זיין ווי געוויינלאַך גראָז! וויל עמיץ פון אונז פויערן מאַכן, ווערט אין דער מאָדע די סאָכע!

איין טאָג שטעלן מיר סדומ׳ס בעטל פאַר אונז אַליין: ווער עס איז לענגער, שניידט מען אונטער, ווער — קירצער, ציט מען אויס, אַז די ביינער קנאַקן; און מיר גלויבן, אַז די מענשהייט איז אַ צעך, ציוויליזאַציעס זענען קנעפּ און מער ווי 6—8 מינים השכלות טאָרן נישט זיין.

אַמאָל ווילן מיר זיין ווי די נידעריקסטע ברואים אין דער נאַטור. מיר ווילן קיין אייגענעם קאָליר נישט האָבן... נאָר שאַרע — אויף דער ערד, ברוין — אויפ׳ן שטאַם, גרין — אויף דעם צווייג, אַבי מען זאָל אונז נישט דערקענען! און מאָרגן דאַכט זיך אונז, אַז דער צלם אלקים שטעקט אין שטריימל מיט פאות! מיר זענען די ערשטע צום געטאָ, די ערשטע צו וואָלאַפּיק!

און ווייניק נאָך, וואָס מיר זענען געוואָרן כחומר ביד היוצר, אַ שטיק ליים צום קנעטן, מיינען מיר נאָך, אַז די צורה, וואָס דער פרעמדער האָט אין אונז אויסגעקנאָטן, איז טאַקע דאָס אמת׳ע אידישע פנים.

בילדונג דאַרפֿן מיר, בילדונג, ליכט! מיר ווילן מאַכן רעוויזיע אין אונזער אוצר, זען, וואָס אונזערס איז, וואָס פֿרעמדס! און דער עיקר — וואָס גוט איז, און וואָס שלעכט.

און נישט איינער זאָל זען און די רעשט זאָל גלויבן אויפֿ'ן וואָרט; דאָס פֿאָלק אין גאַנצן ווילן מיר בילדן, מענער, ווייבער און קינדער. יעדערער זאָל זען, יעדערער זאָל פֿילן, יעדערער זאָל פֿאַרשטיין, אַלץ זאָל זיין יעדן נאָנט און פֿאַר יעדן אָפֿן!

## מאָניש.

### 1.

ס'איז געווען אַמאָל אַן עילוי,
ניט געקענט די וועלט אפילו,
ניט געווען אין קלאַס;
פֿרום דער טאַטע, פֿרום די מאַמע,
די משפחה — לומדים סאַמע,
גאָר פֿון עקסטן פֿאַס!

סאַמע גאונים און למדנים,
מיט אַן „אלף-בית רבנים“,
ס'קלינגט מיט איר די וועלט;
און מבינים גרויסע זאָגן:
זיי וועט אַלע איבעריאָגן
מאָניש, אונזער העלד!

מאָניש איז אַ וואוילער יונג,
ר'האָט אַ קעפּל פֿייער-פֿלינק,
אָנגעפּילט מיט תורה!
טרעפֿט אויך באַלד אַריין אין קאַרב,
מאַג דער רמב"ם זיין ווי האַרב,
און נאָך אַ בעל-קורא!

און אַ שיינער יונג — אַ פּראַכט!
שוואַרצע לאָקן ווי די נאַכט,
קאַרמען־ליפּן — רויזן צוויי!
שוואַרצע ברעמען ווי די בויגן,
ווי דער הימל בלאָע אויגן,
און אַ פּײַער ברענט אין זיי!

יעדעם ביינדל אין אים לעבט,
און ער גייט נישט, נאָר ער שוועבט;
אָנצוקוקן איז אַ פרייד!
מיידלאַך ווערן רויט און בלאַס,
אַז ער ווײַזט זיך אויף דער גאַס,
אַז דער שיינער מאָניש גייט!

ד׳יונגע רבי׳צן אין חדר
זיצט אַ גאַנצן טאָג כסדר,
הערט, מ׳כלומר׳שט, ווי מע קנעלט!
ס׳לויפט די יויך, די מילעך ברענט,
און זי זיצט פאַרלייגט די הענט,
קוקט אויף מאָנישן און קוועלט!

און דער שכנה, שיינער האָדל,
פאַלט פון האַנט אַרויס די נאָדל,
לאָזט זיך אונזער מאָניש הערן!
עס פאַרפעלט איר אָטעם דאָך,
און עס גיט אין האַרץ אַ שטאָך,
און — עס קאַפּען הייסע טרערן...

---

דאָך — ווי גאָלד איז אונזער מאָניש,
פון דעם אַלעם ווייסט ער גאָר־ניש׳.
שטן, ביסט געפּלעפט!

ער האָט ליב אַ בלאַט גמרא,
ער האָט חשק צו׳ן אַ סברא,
„שור שנגח את הפרה“
דאָס איז זײַן געשעפט!

* *
*

געלעבט האָבן דעמאָלט
נאָך ד׳אַלטע בעלי־בתים,
מיט מעשענע ברילן
און זילבערנע בתים.

גאָלד די עטרות
און אײַזן די מוחות...
אַנדערע יאָרן,
גאָר אַנדערע כוחות:

פול ס׳בית־המדרש
און טאַקע מיט קעפּ!
מען לערנט נאָך אין פּאָליש,
מען לערנט אויף די טרעפּ.

עס ווערט נישט פאַר חצות
קיין ליכטל פאַרלאָשן;
און פּראָזשבעס צו רענדלאַך,
און תורה מיט גראָשן!

און דעמאָלט האָט מאָניש
אַלס עילוי גע׳שמ׳ט;
די גרעסטע רבנים
פון ווײַט, פון דער פרעמד,

זײַ קומען אַמישנע
פאַרהערן דעם עילוי
און טאַנצן פאַר שמחה:
„אתחלתא־דגאולה“.

— „וואויל איז דעם טאַטן, וואָס האָט אַזאַ זון,
וואויל איז דער מאַמען, וואָס וועט אים ערציען,
וואויל איז דעם דור, וואָס אים פאַרמאָגט!
אין משיח׳ס צײַטן ווערט אַזוינס געבוירן!
אָ, ירושלים עפן דײַנע טויערן!“
דאָס האָבן אַ ל ע רבנים געזאָגט!

---

2.

אויפ׳ן באַרג א ר ר ט ,
אויפ׳ן הויכן באַרג,
וואָס טראָגט דעם אײַביקן
שנײַ אויפ׳ן קאַרק,

אויפ׳ן באַרג אַררט —
לויט עס איז באַשריבן —
איז מיט דער תיבה
נח שטײַן געבליבן

און איז אַרוים פון תיבה
מיט שם און חם ויפת,
מיט אַלע חיות,
בהמות און עופות...

און זײַ אַלע זעען,
מיט ד׳אײַגענע אויגן,
ווי ס׳הענגט אין הימל
גאָטס פײַלנבויגן.

און הערן גאָטס שבועה:
„דאָ שווער איך דיר, וועלט!
עס וועט דיר נישט פעלן
קײַן היץ און קײַן קעלט!

כאָטש רצח׳ע און הרג׳ע,

כאָטש גנב׳ע און מסר,
איך וועל דיך נישט טאָפּיען
שוין קיינמאָל אין וואַסער!"

געטאַנצט האָבן חיות,
חם האָט געלאַכט,
נח האָט די ערשטע
כוס׳ע געמאַכט.

---

געשטאָרבן שוין אַלע...
אַ פּעקל מיט יאָרן!
עס שטייט דאָך די תיבה
ביז היינט לזיכרון.

דאָרט אונטער די שנייען
עס הענגט אויף דער וואַנט
עד היום דער צוהר,
דער גרויסער בריליאַנט.

און דאָרט אין דער תיבה,
אין שנייען און פרעסט,
דאָרט האָט זיך ס מ א ל
געפלאָכטן אַ נעסט.

און געגן דעם צוהר
קעמט אַלע אין דער פרי
לילית די גאָלדענע
לאָקן זיך צו.

זי קעמט זיי און קרייזלט,
און פלעכט זיי קאָקעט,
און ס מ א ל ליגט זיך
און רייכערט אין בעט.

זיי שמועסן פאַרטרויט

פון דעם און פון יענעם:
ווען צו פּאַקן
אַרײַן אין גיהנם;

ווען צו שמײַסן
מיט אײַזערנע ריטער,
ווען צו פּרעגלען
צו פרישטיק אויף פּוטער!

---

אין אַ שײַנעם מאָרגן
קלינגלט עס שטאַרק;
עס ציטערט די תּיבה,
עס צאַפּלט דער באַרג.

עס שפּרינגט שיר סמאל
אַרויס פון׳ם בעט:
„אַרײַן"! — עס באַווײַזט זיך
דערשראָקן אַ שד.

---

מיטגעבראַכט האָט ער
אַן עקסטרע „ראַפּאָרט",
קוים וואָס ער שלוקערצט
אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט:

— „אַך, גרויסער מלך,
עס ציטערט דײַן טראָן!"
— וואָס איז געשען?
געשווינד, הער באַראָן!

— „אין קעניגרײַך פּוילן,
האַרט בײַ דער גרענעץ,
ליגט זיך אַ שטעטעלע
גרויס ווי אַ גענעץ.

און קוים וואָס מען זעט עס,
מען הערט עס אויך זעלטן;
הײַזלאַך ווי ניסלאַך,
פון שמות געצעלטן...

אין גאַנצן אַ צענדליק
צו צײלן אויף פינגער.
עס בײַסן די ציגן
די דעכער פאַר הונגער!

און שטיל ווי אַ קברות,
מענשן ווי מתים.
קײן גאוה, קײן תאוה,
מ׳לעבט פון תעניתים.

קײן חסידים, קײן דײַטשן —
האָט תורה אַ קיום;
עס וואַקסן רבנים,
מען פאַשעט עילוים...

ציגד וואַקסט נאָך אַ גאון,
וואָס וועט נאָך פאַרשעמען
גאַנץ פוילן און ליטע,
און זאַמעט, און בעמען.

און לאָזסטו אים וואַקסן,
לאָזסטו אים פרײַ,
ביסטו, חלילה,
הוד־מלכות, פאַרבײַ!

האָסטו פאַרלוירן
גאַנץ פוילן און ליטע...
איז — חם ושלום! —
אַן עק פון ניט גוטע.

יאָגן וועט ער אונז
מיט שרעקלאַכן האַס
און ברענגען משיח׳ן —
חלילה וחס!״ —

---

דער ימח־שמו׳ניק,
אַז ר׳האָט עס דערהערט,
איז אים די שמחה
געוואָרן געשטערט.

ער ליגט שוין און טראַכט
טאָג אַזוי נאַכט,
און רײַבט זיך און רונצלט דעם שטערן.
— גוואַלד, לילית קרוין!
אַן עצה גיב! שוין!
אַזוינס קען די וועלט איבערקערן!

— „די נוס איז האַרט!
נאָר, מײַן מאַן, וואַרט,
זי קנאַקט דאָך אונטער די צייִן!
ניצחון איז זים!
גרייט אַן די שפּיז,
דער בראָטן וועט קומען אַליין!״

---

3.

טראַ־ראַ־ראַ, טראַך!
וואָס איז געשען?
צו האָט נישט דאָרט עמיץ
משיח׳ן געזען?

ווען בלאָזט מען דעם שופר?
דאָך אלול, נישט תמוז!

צו איז ער משוגע
גערוואָרן, דער שמש?

וואָס בלאָזט און פייפט,
וואָס דונערט און קנאַלט?
צו פּלאַצן די דעמבעס
און סאָסנעס אין וואַלד?

עס פייפט און קנאַלט,
עס זעצט, עס קנאַקט,
עס יאָגט אַן עקסטרע
פּאָסט פון טראַקט!

אָ! ווער האָט אַזאַ
קלינגען געהערט?
ווער האָט געזען אַזוי
פליען פיר פערד?

עס קלינגען די גלעקלאַך
וואָס אַ מאָל פרייער;
עס שפּריצן די פּאָדקעוועס
פונקען און פייער.

עס שלענגלט זיך, קנאַקט
אָן רחמים די בייטש!
מע'שטויסט מיט די אָפּענע
מיילער: וואָס טייטש?

---

צוזען דאָס וואונדער
זענען אַרויס
קראַנקע פון בעטן,
לומדים — פון קלויז;

קינדער פון חדר
(איינם אין דער מיט,

אין האַנט די תחתונים —
פון אונטער דער רוט).

דאָרט לויפט אַ שוחט,
בלייך ווי די וואַנט,
אַ נישט דערקוילעטער
האָן אין דער האַנט.

ער האָט אין מיטן
דאָס פּייפן געהערט
און — במקום דעם האָן —
דעם חלף אויף ד׳ר׳ערד!

און פליט אויפ׳ן רב׳ל
אַרויף ווי אַ קויל,
אַריין מיט׳ן חוטם
אין אָפענעם מויל!

און דאָ לויפט אַ טויבע
און ברעכט זיך די הענט:
„שרייט, אידן, העכער —
זאָגט מיר, וואו ברענט?!“

שאַ! שאַ! נאָר שטילער!
מען ווייסט שוין! ס׳איז פּראָסט:
אַ דייטש איז געקומען
פון דאַנציק מיט פּאָסט!

מיטגעברענגט האָט ער
גאָר אוצרות מיט געלט!
גיין וועט אַ מסחר!
זיין וועט אַ וועלט!!

און גאָט האָט דאָס שטעטל
גאָר ראַפּטום באַגליקט,

ער האָט פון הימל
א מחיה געשיקט!

עס האַנדלט דאָס דײַטשל
מיט כל׳ערלײַ תבואות,
און צאָלט אַלץ אין באַרן
און מאַכט ניש׳ קײַן שהיות!

אַלץ ווערט מיט גאָלדענע
רענדלאַך געוואויגן,
אַז יעדן ווערט פרײַלאַך
און ליכטיק אין ד׳אויגן!

עס הײבן אָן האַנדלען
גאָר שוחטים, דינים.
עס לויפן, עס קויפן
מלמדים, בטלנים...

אלעס איז סחורה,
פון פאַרשום א רעגן!
און פויערים מיט פורן
פאַרלײגן די וועגן!

מען דאַרף נישט באַקוקן,
געקויפט און געשטעלט!
עס שיטן אָן אידלאַך
פעסער מיט געלט!

אַך, ווער געדענקט
אַזאַ גאָלדענע צײַט?
מען טראָגט אין דער וואָכן
נאָר אַטלעס און זײַד!

און חתונות מאַכט מען
טאָג-טעגלאַך כסדר;

באַוואַרפן די שנײַדער
מיט חתונה־קלײַדער.

עס זענען אָן הענט שוין
די כלי־זמר געבליבן;
די חופה צעריסן,
די שטאַנגען צעריבן.

עס האָט שוין דער בדחן
קײַן כוח צו לאַכן;
מען קריגט שוין קײַן וואַקס ניט
הבדלות צו מאַכן.

לעקאַך פֿאַר ברויט שטאָט!
און נים, פֿאָמעראַנצן!...
עס קאָכט ווי אַ קעסל
דאָס שטעטל אין גאַנצן!

---

נאָר דער דײַטש האָט מיטגעבראַכט
אַ ב ת ־ י ח י ד ה ׳ ל ע אַ פּראַכט.
גאָלדענע לאָקן ביז די פֿיס!
אויגן בלישטשען ווי די שטערן,
און אַ קול — אַ פֿרײַד צו הערן.
און אַ שטימע — צוקערזים!

און זי גײַט נישט, נאָר זי שפּרינגט,
און זי רעדט נישט, נאָר זי זינגט,
פֿרײַלאַך, לוסטיק טאָג און נאַכט!
און לאָזט אַרוים איר קול מאַרי,
העלפֿט דאָס גאַנצע הויז איר צו,
קנאַקט פֿאַר לאַכן, ווען זי לאַכט!

כאַ! כאַ! קלינגט עס ווי אַ גלאָק!
יעדעס שטײַנדל, יעדער טשוואָק,

וואַנט און דאַך! דאָס הויז אין גאַנצן!
עס ליִיגט די אַל אַוועק דער שוסטער,
און דער מאַרשאַליק דער וויסטער
כאַפּט זײַן „גרונע" טאַנצן!

דער שמש איז אַ פּעסימיסט,
און — כ׳לעבן — נישט אומזיסט:
מיט אַ שלאַנג איז ער געזעסן!
און לאַכט מאַרי, נו, לאַכט ער מיט,
און לאַכט פֿון האַרץ געזונט און גוט,
„קול באשה" — גאָר פֿאַרגעסן!

און אַז מאַניש גײט כסדר
יעדן מאָרגן פֿרי אין חדר,
בלײַבט ער שטײן בײַם טויער...
דעמאָלט זינגט אַ פּראַכט מאַרי,
און איר טרעלן-מעלאָדי
דרינגט אים טיף אין אויער!

עס דרינגט אַרײַן אין האַרץ אים טיף!
און אויפ׳ן איִיגענעם מאָטיוו,
מיט דער זעלבער מעלאָדי,
זינגט דערנאָך ער די גמרא,
און איז מטעים יעדע סברא,
דרייט נאָך מיט׳ן פֿינגער צו!

נאָר אַ שוויִס ליגט אויפ׳ן שטערן,
און די אויגן — פֿײַכט פֿון טרערן,
און דאָס פּנים בלאַס ווי קרײַט.
דער רבי זײַנער זיצט פֿאַרצוקט,
ס׳שטייט די רבי׳צין און קוקט:
„אוי, ווער ווייסט, וואָס דאָס באַטײַט!"

---

*  *
*

דער פאָטער — פאַרנומען,
אין אַלעם פאַרגעסן;
אין דער היים — זעלטן
אַ שבת געגעסן.

עס זעט דאָך די מוטער,
ווי מאַניש פאַרשווינדט;
זי שרעקט זיך און פרעגט אים:
וואָס איז דיר, מיין קינד?

וואָס לאָזט זיך דיין קול
אַזוי וויינענדיק הערן?
וואָס האָסטו אין ד׳אויגן
נאָר טרערן, און טרערן?

וואָס ביסטו אַזוי בלאָס,
מיין איינציק קינד?
ווער האָט דיר פאַרלאָשן,
זאָג, וואָס פאַר אַ ווינט,

די אייגעלאַך דיינע,
די שיינע הבדלות?
וואו האָסטו גענומען
ניגונים — יללות?

אָן אַן ע י ן - ה ר ע,
געזונט זיי און שטאַרק.
דו פלעגסט דאָך צו זינגען
פונקט ווי אַ קאַנאַרק,

אַ שטייגער, אַ וואָלאַך
צו אַנדערע זאַכן!
עס פלעגט דאָך פאַר תענוג
דאָס האַרץ אין מיר לאַכן,

אַז דו פלעגסט זינגען
די זמירות בײַם עסן,
הײַנט האָסטו גאָר יענע
ניגונים פֿאַרגעסן!

הײַנט זינגסטו גאָר אַנדערש,
הײַנט זינגסטו נישׁ׳ גוט;
עס קלעמט מיר דאָס האַרץ צו,
עס קילט מיר דאָס בלוט.

עס שנײַדט, ווי מיט אַ מעסער,
אין האַרץ דײַן געזאַנג!
וואָס איז פֿאַר אַ שטײַיגער,
וואָס איז פֿאַר אַ געזאַנג?

פלעגסט אַמאָל העלפֿן
דעם חזן אין שול..
גאָר אַנדערע קולות,
אַן אַנדער געפיל!

אַצינד — עמיץ אַנדערש
זינגט פון דיר אַרויס!
וואָס איז דיר, מײַן לעבן,
דער מאַמען זאָג אויס!

---

— צו ווײס איך דען, מאַמע,
וואָס ס׳זינגט דאָרט אין מיר?
איך ווײס נאָר — אין האַרץ איז
גאָר אַנדערש ווי פריער!

איך ווײס נישׁ׳, וואָס ס׳איז מיר,
עס נאָגט דאָך אין האַרץ;
און פּלוצלונג פֿאַר ד׳אויגן
ווערט פֿינסטער און שוואַרץ...

עס הייבט אָן צו ברענען
וויַ פייַער אין מוח,
עס רייַסן זיך קולות
פון האַלז אוים מיט כוח!

און אָטעם פאַרפעלט מיר,
ס׳איז ענג אין דער ברוסט,
איך וויל זיי פאַרהאַלטן,
די טענער, — אומזיסט!

זיי פליען ווי פייגעל
אַרוים פון אַ נעסט...
און — אַזוי זינגט זיך...
אָט, ווי דו זעסט!...

---

## 4.

אַנדערש וואָלט מייַן ליד געקלונגען,
כ׳זאָל פאַר גויים גוי׳איש זינגען,
נישט פאַר אידן, נישט „זשאַרגאָן“! —
קייַן רעכטן קלאַנג, קייַן רעכטן טאָן!
ס׳האָט פאַר ליבע, פאַר געפיל
נישט קייַן פאַסנד וואָרט, קייַן סטיל...

אונזער אידיש האָט נאָר וויצן,
האָט נאָר שפּיצן, בלאַנקע בליצן;
ווערטער, ווי פאַר׳סמ׳טע שפיזן!
אין איר לאַכן, וויינען ריזן!
איז ווי גאַל, ווי פּיאָלון ביטער,
און זי דרעשט דאָס לייַב מיט ריטער!

ז׳איז אין גאַנצן בלוט און טרערן!
קאָנסט אין יעדן אויסדרוק הערן,
ווי דער ים פון צרות זידט,

ווי עס ברעכט דאָס האַרץ דעם איד...
נאָר, כאָטש פלאַץ דאָ אויפ׳ן אָרט,
ס׳האָט קײַן לעבלאַך וואָרים וואָרט!...

קײַן אײַנציק וואָרט איז צאַרט און גלאַט,
עס איז פאַר ליבע טויט און מאַט:
„הערצל“, „זעלע“, „שאַץ“ און „שעצל“ —
ס׳האָט אַ טעם ווי לאַקרעץ-פּלעצל;
עס האָט קײַן טעם, עס האָט קײַן זאַלץ,
און עס שמעקט נאָך געגנזן-שמאַלץ!

---

אינ׳ם שטעטל איז געוועזן
פון קדמונים אַ מפּולת:
דאָרטן פלעגן לצים וואוינען,
מוזיצירן, מאַכן קולות.

קרײַען, מיוטשען, קוויטשען, בילן
אָדער סווישטשען ווי דער ווינט.
אויפ׳ן דאַך, גײַט אויף דער וואַך
אַרום אַן אַלטער שוואַרצער הונט!

ס׳פלעגט אַרויסצוואַרפן שטײַנער,
גאַנצע פודן אויף דער וואָג;
און עס פלעגן זיך באַווײַזן
די ניט-גוטע.טאָג אויף טאָג!

ווײַבער, מענער, אידן, קריסטן
ווײַכן לאַנג די גאַנצע גאַס;
און מיט הויכן גראָז באַוואַקסן,
שטײַען הײַזלאַך פּוסטע-פּאַס!

---

דאָרט בײַנאַכט באַווײַזט זיך מאָניש,
צו דער חורבה גײַט ער צו;

ס׳קלאַפּט דאָס האַרץ, ווי ביי אַ גזלן:
דאָרטן וואַרט אויף אים מאַרי!

אים באַגלייטן צוויי מלאכים:
אין דער לינקער זייט אַ שלעכטער,
און, מיט טרערן אין די אויגן,
גייט דער גוטער אין דער רעכטער!

און דער גוטער מלאך רוימט אים
אין דעם רעכטן אויער אַריין:
„האָב רחמנות! דיין נשמה
זאָל פאַר גאָט נישׁ׳ זינדיק זיין!

ווייס, די וועלט האָט ע ר באַשאַפן,
וואָס אין הימל, וואָס אויף ד׳ר׳ערד!
זון, לבנה, אַלע שטערן,
אַלע אָקסן אַלע פערד!

ער פאַרזאָרגט אויך לייבן, בערן,
גיט פּרנסה שאָף און רינדער...
האָט דעם מענש זיך אויסגעקליבן,
ער זאָל לויבן זיינע וואונדער.

און דעם תמצית פון די אומות
האָט ער אידן אויסגעצויגן;
און זעקס הונדערט דרייצן מצוות
אָפּגעמאָסטן, אָפּגעוואויגן!

טו נאָך תשובה, און ער וועט דיך
מיט ש״י עולמות פאַרגעלטן!
אוי, באַרעכן! איז מאַרי דען
ווערט דריי הונדערט מיט צען וועלטן?“

חוזק מאַכט דער שלעכטער מלאך,
רוימט אין לינקן אויער אַריין:

„האסט נאָך צייט אויף עולם-הבא!
און ער וועט דיר מוחל זיין!

און אַ ליאַדע קרים, אַ טרער,
אין אַ ווינטער־טאָג אַ תענית,
און אַ וואָרט — „איך וועל נישט מער!“ —
און ער גלויבט דיר אויף נאמנות!“

אַזוי טענה׳ן די מלאכים.
און דער ישוב דויערט ניש׳ לאַנג,
ווייל זי ווייזט זיך באַלד אין פענסטער,
און עס הערט זיך איר געזאַנג!

פלאַמען ברענען איר אין ד׳אויגן,
אַלע תאוות — אין איר ליד!
און ער פליט שוין פייל פון בויגן,
און דאָס בלוט זיינס קאָכט און זידט.

---

טויזנט גרילן, טויזנט שפינען,
פלעדערמייז און איילן הערן
זייער זינגען, לאַכן, קושן,
זייער קושן, האַלזן, שווערן...

און ער שווערט איר הייסע ליבע
ביי זיין לעבן, ביים געזונט;
דאָך זי שמייכלט: אַזאַ שבועה
טראָגט אַוועק דער לייכטסטער ווינט!

און ער שווערט איר ביי די ציצית,
ביי די פאות, ביי די תפילין,
און ביי ש ו פ ר ש ל מ ש י ח...
— „זאָג, וואָס נאָך? אום גאָטעס ווילן!“

און ער שווערט איר הייסע ליבע
אַלץ פאַרברענטער און פאַרשייַטער,
און זי שמייכלט, און זי בעט זיך:
שווער נאָך ווייַטער, ווייַטער, ווייַטער!

און ער שווערט איר בייַ זייַן טאַטן,
בייַ דער גוטער, פרומער מאַמען;
בייַ דער באָבען, בייַ דעם זיידן,
און בייַ אַלע נאָך צוזאַמען...

אויף איר ליפּל שפּילט אַ שמייכל,
און די אויגן אירע גלאַנצן,
און זי בעט זיך: ווייַטער, ווייַטער!
זי וויל זיכער זייַן אין גאַנצן!

ווייַל אַ בחור קען פאַרפירן,
קען פאַרגעסן, האָט זי מורא...
און ער שווערט איר בייַם פּרוכת,
בייַ דעם כתר, בייַ דער תורה!

און זי בעט זיך: העכער, העכער!
זי וויל זיכער זייַן אין גאַנצן!
און זי כישופ׳ט מיט איר אָטעם,
און די אויגן בלישטשען, גלאַנצן...

און ער גרייַפט אַלץ העכער, העכער,
האָט גאָטס נאָמען אויסגערופן!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פונ׳ם הימל קנאַלט אַ דונער;
פון גיהנם פונ׳ם טיפן —

אַ געלעכטער, אַ גערודער,
און פון שוועבל יאָגט אַ ריח.
און ער פליט שוין „פאַר קאַנוואָיעם“
אויף אַ בעזים אין דער הייך.

---

 

*

אויפ׳ן בארג ארדט דאָרטן
איז אַ לעבן, אַ געפּילדער;
ס׳איז אַ באַל דאָרט אין דער תיבה,
און אַ שרעקלאַכער, אַ ווילדער!

און קאַפּעלן (יענע וועלטי-
קע ציגײַנער) מוזיצירן,
און שאַמפּאַניער — ווי וואַסער,
און די רוחות קאַנקאַנירן!

לאַמפּן — טויזנט פּעסער סמאָלע,
די רשעים זענען קנויטן,
ס׳גייט אַרום אַן-עקסטרע-שד׳ל
מיט אַ שערל צו די צווײטן!

און די קעניגן איז לילית,
אין די אויגן האָט זי בליצן,
און ס מ א ל טראָגט איר לאַנגע
שלעפּע מיט בראַבאַנדער שפּיצן.

.. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. ..

אין דער טיר דאָרט שטייט געשלאָסן
אונזער מאַניש אויף אַ קייט...
און מען לייגט שוין אָן אַ פײַער,
און די שפּיז איז אויך שוין גרייט!



## אין דער שטילער נאַכט.

אין דער שטילער נאַכט —
קיינער הערט און זעט! —
גיסט זיך אוים מיין האַרץ, —
הערסטו מיין געבעט?

אין דער שטילער נאַכט
ליג איך אויסגעשטרעקט
און וויין... צי האָט דיך עס
אַמאָל פון שלאָף געוועקט?

## פאָלקס-מאָטיוו.

שטיינערנע פּאַלאַצן,
אייזערנע באַלקאָנען,
טרעפּ פון ווייסן מאַרמאָר,
גאָלדענע סאַלאָנען;

קריסטאָלענע זשיראַנדאָלן
בלאַנקען דורך די שויבן...
דאָרט וועט מיין געליבטער
זיך אַ כלה קלויבן,

זיך אַ כלה קלויבן,
שענער און געזינטער,
און איך וועל דאָ פוילן,
ווי אַ בלאַט אום ווינטער...

## פריי אוים נאַדסאָן.

נאָר טרויעריקע לידער,
טרויעריקע געדאַנקען.
צי בין איך דען שולדיק?
ס׳איז אַזוי מיין לעבן!

עם בליען מיר קיין רויזן,
און קיין שטערן בלאַנקען —
מען האָט מיר אויך קיין גוטן
חלום נישט געגעבן!

איך וואָלט פריילאַך זינגען אפשר אויך געקענט,
נאָר אין מיין קרענצל שטעקט אַ שטעכעדיקער דאָרן;
אים האָט איינגעפלאָכטן מיט אייזערנע הענט
מיין מזל, און פון אַלעם איז פּאָקשיווע געוואָרן.

## אויספארקויפט.

מיט א וואָרים האַרץ געגאַנגען
איז ער אויף דער וועלט;
ר׳איז געפעלן, ס׳האָט דער עולם
האַרץ ביי אים באַשטעלט.

האַרץ אויף לויטן, האַרץ אויף קווינטן,
וואָרים האַרץ אַהער;
דאַמען קויפן פאַר אַ שמייכל,
מיידלאַך — פאַר אַ טרער.

און פאַר קליין-געלט קויפן לעזער,
מ׳גראַשן און מ׳דרייער.
און עס סמאַקעוועט דער עולם:
אַי, דאָס האַרץ איז טייער!

און ער האָט געהאַט אַ מחיה —
ס׳איז גרויס געווען ס׳פאַרלאַנגען;
ביז ער האָט פאַרמאַכט דאָס קרעמל:
ס׳האַרץ איז אויסגעגאַנגען!

## דער בוים און דאָס בלעטל.

עס בליט דער בוים גינגאָלדן,
טרייבט זיך אין דער הייך;
עס יאָגט אַ גראָער וואָלקן,
ר׳שטייט שוין וועלק און בלייך!

ס׳בלאָזט אַ ווינט אַ קאַלטער,
ער בלייבט פאַרשטאַרט אין שרעק;
עס פאַלט אַ בלאַט און יאָמערט:
— איך שטאַרב! איך שטאַרב אַוועק!

„נישט אייביק וועט זיין ווינטער,
דער זומער קומט צוריק;

דער בוים וועט ווײַטער בליען
צו מזל און צו גליק!"

— אמת, — קלאָגט דאָס בלעטל, —
נאָר וואָס וועט זײַן פון מיר?
עס פײַפט דער ווינט אָן רחמים:
„מיסט וועט זײַן פון דיר!"

## וואָס טראַכטן און קלערן?

(נאָכאַמונג).

וואָס טראַכטן און קלערן
גערונצלטע שטערן,
ווען ס'ווערן אין ד'אויגן
פאַרבאַקן די טרערן?

וואָס טראַכט און וואָס חלומ'ט
די שטומפּיקע קוואַל?
צי בליצט דאָרט כאָטש אײנמאָל
אין לעבן די שטראַל,

וואָס לײַכט אונז בײַם זוכן
אין פינסטערע טעג
דער אָרימער מענשהײַטס
פאַרלוירענעם וועג?

---

וואָס טראַכטן, וואָס קלערן
די אַלע, וואָס שטופּן
די טאַטשקע פון צרות?
צי שײַנט אויף די ליפּן,

וואָס שײַלן זיך, ברענען
פון אײביקע זאָרגן,
כאָטש אײנמאָל אַ שמײכל —
אַן אָפּגלאַנץ פון מאָרגן,

פון גליקלאַכן מאָרגן,
וואָס אונז מאַכט באַקאַנט
דעם פינסטערן הימלס
פאַרגאָלדעטער ראַנד?

---

וואָס טראַכט זיך דער הונגער,
אין קעלער פאַרשמאַכט?
דער שלאָף וויל נישט קומען,
און שטיל איז די נאַכט;

צי הערט ער אין שטילן
דעם אײַזערנעם קלאַנג — —
דעם טריט פון די צײַטן,
פון דורות דעם גאַנג...

צי שפּאַלט זיך דער הימל?
בײַ גאָט אין דער האַנט
צי זעט ער דעם דונער?
צי ווײס ער, ס'איז קראַנט?

## דאָס געבעט.

(נאָכאַמונג).

ריבונו של עולם!
נאָך ווייניק געליטן?
ווען וועסטו, ריבונו
של עולם, פאַרשיטן
דעם אָפּגרונד, דעם טיפֿן,
וואָס טיילט דייַנע קינדער
אויף שטאַרקע און שוואַכע,
אויף לעמער און שינדער?

* * *

און ברייט איז דער אָפּגרונד,
און טיף ווי אַ תהום,
און זאַפּט אין זיך איַין
אונזער בלוט ווי אַ שוואָם!...

עס ציטערט פון דאָרטן
דער ווייטיקס-געוויין;
דאָרט ליגט די נקמה
און קריצט מיט די ציין...

דאָרט ליגט די פאַרצווייפלונג
דערשראָקן, פאַרבליפט,
מיט די ליפּן ווי קוילן,
בייַם בעכער פון גיפט...

* * *

ריבונו של עולם!
נאָך ווייניק געליטן?
ווען וועסטו דעם שרעקלאַכן
אָפּגרונד פאַרשיטן?...

עס ווערן אין אָפּגרונד,
וואו ס'מעסער נאָר בליצט,
מיט בלוט אויך די ריינסטע
אידייען באַשפּריצט...
דאָרט ברעכן די פליגל

די אָדלער די גרעסטע;
דאָרט ווערן פאַרשטיינערט
די הערצער, די בעסטע...

ריבונו של עולם!
צו שפּראָצט דען דייַן לויב
אין פוילן, אין פינסטערן,
בלוטיקן שטויב?



## קליינע מענשן.

קליינע מענשן, דראָבנע מענשן:
זייער שעלטן, זייער בענשן,
זייער ליבן, זייער שרייַען,
זייער פלאַמען, זייער שפּייַען,

זײַער בעטן מיט געוויַין,
און דאָס קריצן מיט די ציַין, —
אַלעס איז דרויב,
לײַכטער שטויב,
פאַר דער שוואַכסטער פליג קײַן לאַסט!
און די צײַט אָן רו, אָן ראַסט
שוועבט אויף שטאָלענע, ריזיקע פליגל (נישט צום גראַם).

## האָפ און גלויב.

האָפ! נישט ווײַט איז שוין דער פרילינג,
ס׳וועלן שמעטערלינגען שפּרינגען,
נײַע נעסטן, נײַע פֿייגל
וועלן נײַע לידער זינגען.

גלויב, די נאַכט וועט זײַן פאַרשוואונדן,
און די וואָלקן אויך צערינען,
בלאָ וועט ווײַטער זײַן דער הימל —
נײַע שטערן, נײַע זונען!

נײַע רויזן, נײַע בלומען
וועקט דעם פרילינגס זיסער הויך;
עס וועט שײַנען, שמעקן, זינגען!
און — אויף אונזער קבר אויך...

## ווען איך בין אַ גאָט.

ווען איך בין אַ גאָט, וואָלט איך אַנדערש געשטראָפט!
איך וואָלט אַ זינדער אַ הארטן
צוגעזאָגט אַלצדינג, אי נחת, אי גליק —
איך וואָלט אים געהײַסן נאָר וואַרטן!

## אמת און שקר.

„שקר“, שטייט, „אין לו רגלים“,
אָבער אמת? — זי האָט פים;
פאָרט דער שקר אין קאַרעטן,
און די אמת גייט צופוס!

פון די פים דאָך פאַלט די אמת...
ווי בריליאַנטן — הינער־אויגן;
קוים זי שלעפּט זיך! און דער שקר
פליט זיך נאַשפּיץ — פייל פון בויגן!

און באַשפריצט זי מיט דער בלאָטע,
און דערלאַנגט איר מיט דער בייטש!
און די גאַסן־יונגען לאַכן:
ווייס, וואָס „נאַבאָק“ איז דער טייטש!

---

## דאָס חנוכה־ליכטל.

עס פאַלט צו די נאַכט, די פינסטערע נאַכט!
און שאָטן באַדעקן די ווענט...
נאָר אומעטיק, ווילד, פאַרציטערט און זאַכט
אַ ליכטל אין פענסטערל ברענט!

און עס פאַרציילט מיר די טרויעריקע מער:
אַמאָל איז געווען אַ שווערט...
אַ שווערט און אַ שאַרפע... היינט גלאַנצט זי נישט מער...
היינט ליגט זי צעבראָכן אויף דר׳ערד!

פאַרראָסט איז די שווערט, און טויט איז די האַנט,
וואָס פלעגט אַמאָל מיט איר צו פעכטן!
עס בלייבן די העלדישע ביינער אין זאַמד...
ס׳איז, דאַכט זיך, געווען ערשט נעכטן!

און דאָך, וויפיל הונדערטער, טויזנטער יאָר
פעלן די האַנט און די שווערט...

טײַל דריקן די אַקסל און פרעגן: „איז וואָר
דער נס, וואָס מיר האָבן געהערט?“

# טײַלמאָל דאַכט זיך מיר.

טײַלמאָל דאַכט זיך מיר,
אַז מיר זענען טויט,
נאָר אונז חלומ'ט זיך
נאָך די לעבנס-נויט!

און מיר זוכן זיך
אײַביק טרויעריק, באַנג.
כאָטש מיר זענען טויט
און באַגראָבן לאַנג!

# די אַלטע האַרף.

פאַרגעסן און פאַרשטויבט
ליגט די אַלטע האַרף;
צעריסן און פאַרשמאַכט
שווײַגט דאָס אַלטע האַרץ...

אָפט רײַסט זיך פון דער האַרף
אָפּ אַ שאַרפער טאָן;
עס רײַסט זיך אויס פון האַרץ
אַמאָל אַ שווערער זיפץ,

און פאַרשטומען באַלד
אויף לאַנגע, לאַנגע טעג
און — נאָך לענגערע —
שטילע, וויסטע נעכט!

# טרייסט.

טרײַסט מײַן פאָלק, עס דאַרף די טרײַסט.
שטאַרקט דאָס האַרץ, מאַכט פעסט דעם גײַסט.
זײַט נישט דער ווינט, וואָס לעשט די פלאַם,
נאָר בלאָזט זי אויף, ווײַל נאַכט איז סם!
נאָר בוימל גיסט און פוצט די קנויט,
ווײַל נאַכט איז גיפט און שלאָף איז טויט!
טרײַסט מײַן פאָלק, עס דאַרף די טרײַסט!

מאַכט פעסט דאָס האַרץ און שטאַרקט דעם גײַסט.
עס האָט געלײַכט שוין ניט אײַין נאַכט,
עס האָט געזיגט שוין ניט אײַין שלאַכט
און ניט געלאָזט די פאָן פון האַנט!
עס שטײַיט — אַן אײַזן־פעסטע וואַנט
אין וויסטן, ווילד־פאַרקאָכטן ים!
אָ, שטאַרקט דאָס פאָלק! בלאָזט אויף די פלאַם!

אָ, שטאַרקט דאָס פאָלק! נישט אָפּגעשלאַפט!
זאָל שפּריצן העל די לעבנסקראַפט
אַלם פײַערדיקע זײַל בײַנאַכט...
עס זינקט די נאַכט, דער טאָג ערוואַכט
און שיקט דעם שטראַל — אַ גאָלדענע פײַל —
אַלם גרוים דער פײַערדיקער זײַל!...
אָ, טרײַיסט מײַן פאָלק, עס דאַרף די טרײַיסט,
מאַכט פעסט דאָס האַרץ און שטאַרקט דעם גײַסט!

---

## פון יחזקאל.

עס שלײַכט צו אַ שטאָט בײַנאַכט
די שווערד!
נאָר אויפ׳ן טורעם דער וועכטער וואַכט —
ער הערט!

און בלאָזט טראָמפּײַיט,
און שמעטערט מיט מאַכט;
עס ציטערט די נאַכט.
דאָס פאָלק ערוואַכט — —
דער שונא גײַיט, דער שונא גײַיט!
און עס פלאַקערט אויף די שלאַכט.

אין הויף, אין גאַס
אויף מויער און וואַנט,

פאַר ווייַב און קינד
פאַר פאָלק און לאַנד!

פאַר רעכט און פרייַ גייִט אַלץ אין קאָן!
ווער זיגן וועט, דאָס ווייִסט איין גאָט;
דער וועכטער האָט
דאָך זייַנס געטאָן!
ער האָט זייַן ערע נישט באַפלעקט,
ער האָט געוועקט!
ער האָט געדינט זייַן פאָלק, זייַן לאַנד!

נאָר וויי דעם וועכטער, — שפּאָט און שאַנד! —
וואָס האָט בייַנאַכט
אַן אויג פאַרמאַכט
און ערוואַכט
ערשט אין דער בראַנד!

# מענדל ברייַנעס.

מענדל ברייַנעס (קיין פאַמיליען־נאָמען איז נאָך דעמאָלט נישט געווען), איז געווען אַ יושב־אוהל, דאָס הייִסט: אַ שטיק שיינער איד: קיין גרויסער למדן נישט, נאָר — תהילים פאַר׳ן דאַוונען, עין־יעקב נאָכ׳ן דאַוונען און בייַנאַכט — אַ פּרק משניות. ער פלעגט גאַנץ אָפט אַהיים נעמען אַן אורח, יעדן פרימאָרגן אַרייַנוואַרפן מאיר בעל־הנס, האַלטן מפטיר־יונה, האָבן אַ גרויסן חלק אין דער קאָנסאָרציע פון פּתיחות, און דערצו פלעגט ער גלאַט זייַן אַ מתעסק במצוות: אַ מגיד איז געקומען, מען דאַרף אָרומגייִן צוזאַמענקלייַבן פאַר אָרימעלייַט אויף מצות, אויף האָלץ און קאַרטאָפל; מען דאַרף ערובין, עמיצן אַן אוהל שטעלן וכדומה — טוט ר׳ מענדל ברייַנעס אַן די ברייִטע תבונה, נעמט דעם גראָבן שטעקן מיט דער מעשענער גאָלקע און גייִט מיט׳ן רב, מיט׳ן דאָזאָרצע אָדער אַזוי מיט אַ שיינעם

בעל-הבית. ער האַלט זיך פאַר אַ מצוה — אַליין צו טראָגן די פּושקע, כאָטש הינטן גייט נאָך דער שמש.

ווינטער האָט ער קיין מינוט צייט נישט געהאַט: תהילים זאָגן, דאַווענען, עין־יעקב לערנען, אָנבייסן, אַ נדבה מאַכן, מנחה-מעריב, אַ פּרק משניות און וועטשערע און קריאת-שמע לייענען, שלאָפן, חצות, ווייטער שלאָפן... עס איז אים פון טאָג קיינמאָל קיין רעשט נישט געבליבן. פאַר דאָס זומער-צייט פלעגט אים בלייבן אַ נאָך-האַרמעס, אַ גרויסער נאָך-וואַרמעס. ער פלעגט אים אַ וי ך פאַר-ברענגען אין בית-המדרש, נאָר רעדן שוין פון וועלט-זאַכן, פון נייע המצאות, פון פּאָליטיק...

מענדל ברײַנעס איז נישט קלוג. אין חדר פלעגט מען אים רופן „מענדל שוטה“; אַז ער האָט חתונה געהאַט, איז די מיינונג וויכער געוואָרן, און ער פלעגט שוין הייסן: „מענדל תם“. ערשט דערנאָך, אַז ער איז אַראָפּ פון קעסט, געוואָרן אַ בעל-הבית פאַר זיך, און ברײַנע, זיין ווייב, האָט זיך געמאַכט אַ שפּייז-געוועלב און געלייזט „שטיקער גאָלד“, האָט מען אים געקרוינט אויף „מענדל ברײַנעס“. און ווייל מענדל ברײַנעס איז קיינעם אין וועג אַריין נישט געגאַנגען, קיינעם אַ שלעכט וואָרט נישט געזאָגט, און בית-המדרש און קהל האָט געהאַט פון אים, האָט קיינער נישט דערמאָנט, וואָס אַמאָל איז געוועזן, האָט קיינער הויך נישט געלאַכט, אַז ער פלעגט צווישן אַלע פינף ווערטער זאָגן: „אָבער צוואָר איך בין קיין נאַר נישט? אַ-יאָ איך בין קלוג?“

— אמת, איך בין קיין נאַר נישט? — זאָגט אַמאָל ר׳ מענדע-לע. — און פון דעסטוועגן פאַרשטייט איך נישט, ווי אַזוי מען אַרבעט אויס אַזאַ דין און געלעכערט שטרוי אין די שעניקעס אַריין! איך האָב אומישנע אַרויסגעשלעפּט אַוודאי פערציק שטרוי, איינס נאָכן אַנדערן, אַלע זענען הויל, — אַלע חלולים, חלולים. איך האָב געוואָלט פרעגן מיין ברײַנען, זי איז שוין אָבער געווען אין געוועלב.

און איידער עמיץ האָט צייט געהאַט צו לאַכן, האָט ער זיך שוין אַליין געענטפערט:

— דאָס שטרוי מוזן אַוודאי די פויערן ברענגען פון ענגללאַנד,

פון ענגללאַנד האָט מענדל ברייַנעס אַ סך געהערט און געהאַלטן טאַקע עולם ומלואה.

עס איז געווען נאָך דער סעוואַסטאָפּאָלער קריג; דאָס גאַנצע בית-המדרש האָט נאָך געקלונגען מיט ענגלישע המצאות. די מעשות האָבן פאַרציילט אויסגעדינטע זעלנער, וואָס האָבן עס אַליין געזען, מיט איינגענע אויגן.

— טאַקע גבורות הבורא! — דערציילט נאָך אַ בית-המדרש בעל-הבית: — למשל, איין האַרמאַט! וואָס טויג, רבותים, איין האַרמאַט? די האַרמאַט שיסט אויס אַ קויל; נו וואָס איז? דאַרף מען דאָך ערשט פועלין, אַז דער שונא זאָל וועלן שטיין אונטער׳ן חלול! און דער שונא איז דוקא גאָר קיין נאַר נישט, ער לאָזט זיך נישט אָנרעדן צו׳ן אַזוינע זאַכן. אַמאָל נאַרט ער גאָר אָפּ: ער שטייט, דו שיסט — און ער גנב׳עט זיך אַוועק! עס האָט געהאַלטן ביי כלו כל הקיצין! די חברה, די ענגללענדער, האָבן דאָך אָבער געהערט די מעשה פון צפרדע של מצרים, האָבן זיי זי נאָכגעמאַכט! זיי האָבן ממציא געווען אַזאַ גרויסע האַרמאַט, וואָס שיסט אַרויס פון זיך נישט קיין קוילן, נאָר גאַנצע האַרמאַטן, און יעדע פון די האַרמאַטן, אַז זי פאַלט אַראָפּ, גיט זי אַ טראַסק אין דער ערד, צעפּלאַצט, און עס שפּרינגען פון איר אַרויס צען נייע האַרמאַטן, און די האַרמאַטן ערשט שיסן מיט קוילן!! נו גיי היט זיך פאַר דעם! צונד קענט איר פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ מין שחיטה דאָס האָט אָנגעמאַכט!

און איר מיינט כישוף? חלילה, אַ פּראָסטע ספּרענזשינע!

און אַז מען האָט געפרעגט: פאַר וואָס נאָך דער קריג האָט זיך מלכות-רוסיא נישט נאָכגעמאַכט אַזוינע האַרמאַטן, האָט מען געוואוסט צו ענטפערן, אַז באַלד נאָך דער מלחמה זענען זיך די מלכיות׳ן צוזאַמענגעגאַנגען, און כדי מען זאָל נישט חרוב מאַכן די וועלט, האָט מען געמאַכט מיט „ז י י ע ר ב ח ר ם", אַז מען זאָל שוין מער נישט שיסן נישט מיט פלאַכטעם קאָכעדיקן הירזש און נישט מיט אַזוינע האַרמאַטן.

פון דעמאָלט אָן האָט מענדל ברייַנעס געהאַלטן עולם ומלואה פון ענגללאַנד, און וואָס ער האָט עפּעס געזען, און זיין שכל האָט נישט

געקענט משיג זײַן, איז אַלץ געװען פֿון ענגללאַנד. אַז דער זײגער קומט אַרױס פֿון ענגללאַנד, פֿון דעם איז נישט געװעזן װאָס צו קלערן, נאָר די ערשטע ספּרענזשינע האָט אױך געמוזט מאַכן אַן ענגלישער שמיד! און ער האָט גערעדט מיט גרױס התלהבות פֿון ענגללאַנד, פֿון אירע חכמים, פֿון אירע קאָװאַליעס.

— זײ מוזן דאָרט זײַן שײנע חכמים!

מענדל ברײַנעס װאָלט געװאָלט לעבן אין ענגללאַנד, נאָר שטאַרבן, איבער הונדערט און צװאַנציק יאָר, — אין ארץ־ישראל. ערשטנס פּאַר פֿרומקײַט, צװײטנס גלאַט, ער האָט בטבע זײער ליב געהאַט מנוחה, און װען ער פֿלעגט זיך דערמאָנען אין גלגול מחילות, האָט ער אױף דרײַ טאָג פֿאַרלױרן דעם אַפּעטיט. און װײַל ער האָט פֿאָרט נישט אױפֿגעהערט צו עסן, האָט ער געהאַט זעקס טאָג בױכװײטיק! מחיה האָט ער זיך געװען, אַז ער איז געװאָר געװאָרן פֿון א זיכערן מענש, אַז ארץ־ישראל איז װײַטער װי ענגל־לאַנד.

— גוט. — טראַכט ער. און קלערט שױן פֿון דעמאָלט אָן אױפֿ׳ן װעכטן אמת צו פֿאָרן קײן ארץ־ישראל, װאָרן „דער װעג מוז דאָך גײן דורך ענגללאַנד!“

ער װאָלט שױן לאַנג פֿאַרקױפֿט דאָס געװעלבל מיט׳ן כלי־בית און געפֿאָרן, װען נישט — ברײַנע.

ברײַנע האָט גאַנץ ערלאַך געהאַלטן איר מענדלען. זי האָט זיך געװאונשן צו זײַן זײַן פֿוסבענקעלע אין גן־עדן; זי האָט אים גע־קעכלט און געשטאָפּט: געאַרבעט װי אַן אײזל, מפרנס צו זײַן און צו שוכן, און צו קלײדן מענדעלען מיט די 4 קינדער: דרײַ מײדלאַך און אײן אינגל. איר גאַנצער עולם־הזה איז געװעזן, אַז זי האָט געזען פֿון געװעלב אַרױס איר מענדלען גײן מיט דער צדקה־פּושקע אין דער לינקער און מיט׳ן שטעקן מיט דער מעשענער סקיפּקע אין דער רעכטער האַנט! זי האָט פֿאַרקױפֿט בחצי חנם איר שטאָט אין עזרת נשים, װײַל די פֿענסטער גײען אין שול אַרײַן, און באַצאָלט „ממון קרח“ פֿאַר אַ שטאָט לעבן בית־המדרש־פֿענסטער, זי זאָל זען װי מענדעלע איז עולה תורה און מאַכט די זיסע ברכה. עס האָט

איר געקוואָלן דאָס האַרץ, ווען מענדעלע האָט אונטערגעזאָגט דעם חזן: „האשה ברײַנע בת מורנו"... און מנדר געווען פאַר איר געזונט ח"י פעמים ח"י: זי איז געווען גליקלאַך, אַז זי פלעגט שבת און יום-טוב גיין מיט אים דאַוונען צוזאַמען; און אַז זיי האָבן זיך צעשייַדט ביַי די צווייערליי טרעפּ, פלעגט זי בלייַבן שטיין אויפ'ן ערשטן שטאַפּל און איבערדרייען זיך און זען, ווי איר מענדעלע הייבט די פּיסלאַך אויף די מענערשע טרעפּ. נאָכ'ן דאַוונען האָט זי אים אָפּגעוואַרט ביַי דער שוועל, און אַז זי האָט אים דערזען, און זי האָט דערהערט זיין „גוט שבת!", איז זי רויט געוואָרן, גלייַך זי וואָלט ערשט פון אונטער דער חופה אַפּער. פון דעסטוועגן האָט זי געוואוסט, אַז מענדעלע איז נישט קלוג אין די „וועלט נאַרישקייַטן", אַז ער איז נאָר אַ חכם אין די קליינע אותיות, אַ מוח אין בית-המדרש, אָבער אַזוי, אין עולם-הזה זאַכן, גאָר לא!... דאָס איז שוין איר זאַך!

— ניין, מענדעלע, — זאָגט זי אים געלאַסן, — מען פאַרט נישט אַזוי. מען פאַרקויפט נישט קיין מחיה! אפשר שפּעטער, אַז מיר וועלן חתונה מאַכן אַלע קינדער, אָפּגעבן קעסט, דערלעבן כאָטש אַן אייניקל, און אפשר אַן אור-אייניקל, דעמאָלט, זעסטו, מהיכי תיתי, איבערגעבן די קינדער די מחיה...

און מענדל האָט געוואוסט, אַז ברייַנע איז אין וועלט-זאַכן אַ „ווילדע חכמה", און האָט געוואַרט! וואָרן נאָך ירושלים און ענגל-לאַנד, איז אים ברייַנע געווען פאַרבאַקן אין האַרץ.

ער האָט דערווייַל נישט אַלע קינדער חתונה געמאַכט, און ער קומט איין מאָל אַהיים זייער טרויעריק:

— זעסטו, ברייַנע, — מאַכט ער, — אַ פּאָוויעסטקע צום בית-דין של-מעלה! — ער ווייַזט איר אַ גראָע האָר אין דער באָרד.

ברייַנע טרייסט אים:

— רעד נישט קיין נאַרישקייַטן, מענדעלע! דו ביסט נישט קלאָר אין אַזעלכע זאַכן... מיין טאַטע, עליו השלום, איז גראָ געוואָרן צו 50 יאָר, און דיר צו לענגערע יאָר...

— א ו נ ז צו לענגערע יאָר. — פאַרבעסערט מענדל.

— און אונז צו לענגערע יאָר האָט ער נאָך געלעבט אוודאי אַ יאָר דרייסיק!

— היינט אָבער שוואַכע דורות, נישט די פאַרצייטיקע כוחות. — זאָגט מענדעלע און לאָזט אַראָפּ די אויגן.

בריינע האָט אים אויסגערעדט דאָס עגמת נפש און אים אָנגע־הויבן בעסער צו קעכלען: נעמט ביים קצב נאָך אַ האַלב פונט פליײש צום וואַרמעס...

— אַי בריינטשע, — זאָגט דער קצב, — איר האָט אוודאי מחותנים צום טיש, זאָל אייך זיין צו מזל!

— ניין, ענטפערט בריינע... — היינטיקע שוואַכע דורות...

און ביים עסן לייגט זי אַלע מאָל צו מענדעלען נאָך אַ שטיקל, נאָך אַ פּיצל... „עס דאָס, דאָס איז טאַקע אַ מחיה", און האָט קוקנדיק אויף מענדעלען אין זינען געהאַט: זאָל אים זיין צו געזונט... היינטיקע שוואַכע דורות!...

זי האָט מיקלאָמפּערשט „געכאַפּט אַ זעמל אין געוועלב, געוואַשן זיך ביי דער שכנה", אַמאָל — האָט אירע אַ קרובה געקאָכט אַ נייע מאָדע קילישע און איר געבערענגט אַ פּאָר לעפל צו פאַרזוכן; אַמאָל איז זי געוועזן אויף אַ ברית, כאָטש זי האָט פאַרגעסן, ווי די יולדת הייסט, — אַבי זי איז נישט הונגעריק געוועזן ביים עסן און נאָר געבעטן זיך:

— עס, מענדעלע, עס, וואָס גלייכסטו זיך צו מיר? תורה תתיש כוח!

— מתיש כוח, מיינסטו, בריינע!

— זאָל זיין מתיש כוח... אָדער ווי אין פרק שטייט: אם אין תורה אין קמח, אַז מען לערנט, מוז מען עסן!

מענדל שמייכלט אויפ'ן נייעם גריין.

— אָבער איך, וואָס טו איך? איך גיי אַ גאַנצן טאָג ליידיק, אָדער איך זיץ איבער'ן פייער־טאָפּ. קומט אַריין אַ קונה, מעסט איך אָפּ אַ קוואָרט באָבעלאַך, צו קאַשע, צו מעל: נישט — נישט: דעריבער דאַרף איך וויניקער עסן.

און מענדל גלויבט אין דער געכאַפּטער זעמל, אין דער קילישע, אינ׳ם ברית, כאָטש ער האָט תחנון געזאָגט. אַ קשיא אויף אַ מעשה, אַוודאי ביי אַ מנין... ער דאַרף טאַקע — גלויבט ער — מער עסן, אַ קאַטאָוועס — יעדן טאָג צוויי יום תהילים, אַ פּרק משניות. עטלאַכע בלאַט עין-יעקב, היינט זשע — דאַוונען, פּושקע טראָגן, שטעקן שלעפּן, ער ווייסט ?!...

און ער איז שטאַרק צופרידן, וואָס זיין כשר׳ע ברײַנע האָט אַזאַ רואיק לעבן, וואָס זי זיצט לײדיק אין געוועלבל איבער׳ן פייער-טאָפּ, פאַרלייגט די הענט און וואַרט אויפ׳ן קונה: קומט ער — קומט ער; נישט — נישט! זייער גלייך! זאָל זי כאָטש נישט אַזוי פיל אַרבעטן ווי ער, זאָל זי זיך כאָטש אויסרוען די ביינער. און מענדעלע שטאָפּט אין זיך אַריין וואָס אָמאָל מער, אַבי ער זאָל האָבן כוח מאריך ימים צו זיין, ער זאָל דערלעבן צו זען ענגללאַנד און צו שטאַרבן דערנאָך אין ירושלים.

אַ חוץ פון ברײַנען האָט מענדעלע נאָך נחת פון קינדער: אַן עלטערן זון האָט ער חתונה געמאַכט אין דער פרעמד. ער עסט שוין קעסט ביים שווער! געלויבט איז גאָט: זייט ער האָט חתונה געהאַט, איז נאָך פון אים קיין בריוו נישט געווען, אַ סימן עס גייט אים גוט, אַז ער איז בקו הבריאה. ווער עס קומט צו פאָרן, ברענגט אַ גרוס... נאָך אים גייט אַ חתן-בחור — אַ חדר-אינגל. ברײַנע באַשטעלט מלמדים, צאָלט שכר-לימוד, זעט — ער זאָל לערנען מיט זיינס גלייכן. ער פאַר דאָס פאַרהערט אים אַלע שבת... נאָר פאַר׳ן עסן האָט מענדעלע פיינט צו פאַרהערן. נאָכ׳ן עסן איז בעסער, מער רחוות. דעריבער דרימלט ער טאַקע באַלד איין, און כאַפּט זיך ערשט אויף ביים מלמד׳ס לחיים, גיט דעם זון אַ קניפּ אין בעקל און שוין!

ער האָט נאָך דריי טעכטער, יונגע קינדער, צייכן-מיידלאַך, נאָר וואוילע קינדער אַלע. דרך-ארצ׳דיקע קינדער, שטילע קינדער. שטענדיק רײנע, אָפּגעוואַשענע, אַ מחיה!... ער זעט אפילו נישט, ווען מען וואַשט זיי, ווען מען קעמט זיי, ווען ברײַנע לאַטעט און פאַרריכט! ער קען כמעט נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי דאָס ווערט קלוג און פיין געבוירן!...

— טאַקע מ י י נ ע קינדער! — טראַכט ער זיך מיט גאוה. — אין מ י ר אַריין געראָטן! ער דאַנקט און לויבט זיין ליבן נאָמען דערפאַר, וואָס ברײַנע האָט אַזאַ רואיק לעבן, נישט ווי אַנדערע מאַמעס, וואָס די קינדער דרייען איר נישט אָפּ דעם קאָפּ! און ווי די קינדער פאָלגן! ער הייסט זיך, למשל, ברענגען אַ טרונק וואַסער (ברײַנע האָט אַ טבע אַלץ, וואָס ער זאָגט, איבערצוזאָגן). און קוים חזר׳ט זי איבער: „ברענגט דעם טאַטן וואַסער“, — לויפט דאָס קינד שוין און ברענגט; אַ מחיה אַזוינע קינדער! ער קומט אין שטוב אַריין און ברײַנע זאָגט נאָר: „דער טאַטע גייט“ — איז שוין שטיל!

געלויבט איז גאָט, מען רעדט שוין דעם צ ו ו י י ט ן זון אַ שידוך, און אַ גוטן שידוך. ברײַנע וויל טאַקע פאָרן אָנקוקן די כלה. חגאות־צײַט וועט זי עס טאָן, אַזוי האָט זי אים געזאָגט. און ווײַל ער איז געוואָר געוואָרן, אַז צום מחותן פאָרט מען נ י ש ט דורך ענגללאַנד, איז ער א י ר מוחל דעם כבוד, זאָל זי זיך אַ ביסל איבערפאָרן. פאַר וואָס נישט? זי פאָרט אין גאַנצן פיר מאָל אין יאָר נאָך סחורה, אויך קומט זי צוריק מיד און מאַט פון לויפן, באַקוקן, דינגען... זאָל זי א י י ן מ אָ ל כאָטש פאָרן און קומען מיט נחת, זאָל די וועלט זען, וואָס פאַר אַ ווײַב ער האָט! ער אַליין וועט זיך ווײַזן אויף די תנאים! אַפילו בײַ דער חופה איז אויך געגוג! דעם ע ר ש ט ן זונס כלה האָט זי אויך אָנגעקוקט; זי איז שוין מזל׳דיק צו׳ן אַזעלכע זאַכן... ער וועט זיך נאָך געגוג אָנפאָרן...

עס זענען ווײַטער אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר יאָר. אַז גאָט בענשט, בענשט ער מיט אַלעם, אַפילו מיט מנוחה. דער צווייטער זון האָט אויך חתונה געהאַט, און גוט חתונה געהאַט, ער עסט שוין אויך קעסט.

מענדעלע האָט אַפילו גאַנץ ווייניק געוואוסט ווער און וואָס; עס איז אים איבערגעגאַנגען כמעט ווי אַ חלום. ער האָט אַפילו קיין איינציקן טאָג קיין יום-תהילים נישט פאַרפעלט... עס האָט אים דער קאָפּ נישט וויי געטאָן, אויסער אין דער פרי, נאָך דער גרויסער נאַכט, פון ווייניקער שלאָפן!

און מענדעלע פרייט זיך. — נאָך אין גאַנצן דרײַ מיידלאַך חתונה צו מאַכן, (בײַ ברײַנען גייט עס געשווינט!) און דערנאָך: שוין!

איבערגעבן די מחיה, געדונגען אַ ברייטן וואָגן, מען זאָל זיך קענען אויסציען, אָנפּאַקן מיט ענגליש שטרוי און וויאָ!

נאָר עפּעס פילט ער, אַז די פּיס זענען אים נישט בקו הבריאה, אַז פון אַ קורצער צייט איז אים דער אָטעם שווער. נאָר ברײַנע לאָזט אים נישט צו קיין עגמת נפש, זי טרייסט אים און קעכלט אים אַלע מאָל מער; זי איז אים מבטיח, אַז ער וועט נאָך אַלץ דערלעבן!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איינמאָל זיצט ער אין בית-המדרש בײַם עין-יעקב און דערהערט אַ געשריי. עס דאַכט זיך אים — זײַן טאָכטער. נאָר ניין, ווי קומט זי אויפ'ן שול-הויף? און אַ כלה-מיידל וויינט נישט, בכלל זײַן טאָכטער וויינט נישט... עפּעס לויפט מען אויף די טרעפּ, מען שרײַט: טאַטע! טאַטע! פאָרט איר קול; עס איז אָבער דאָך נישט מעגלאָך!

ער וויל איבערקלערן, נעמט אַרויס אַ שמעק טאַביק; נאָר איידער ער האָט אים אַרײַנגעזעצט אין די נאָזלעכער, האָט אים שוין די טאָכטער געריסן בײַ די לאַצן:

— ט אַ ט ע! די מאַמע איז אוועקגעפאַלן, געוואַלד!

און איידער ר' מענדעלע איז צו זיך געקומען און אהיים געלאָפן, איז שוין ברײַנע געלעגן טויט!

אין איין טאָג איז מענדעלע באמת גרייז-גראָ געוואָרן, דער אָטעם טאַקע שווער, און די פּיס טאַקע געשוואָלן... ער האָט זיך נישט געריכט, אַז ברײַנע זאָל אים נישט איבערלעבן!... בײַ'ן אַזאַ מאַן, בײַ'ן אַזוינע קינדער, בײַ'ן אַזאַ וואוילטאָג!...

און ברײַנע, אַזוי ווי מען האָט זי נישט אַרויסגעזען בײַם לעבן, האָט מען זי קוים אָנגעזען אויף דער מיטה... אַזאַ דאַרעניש!...

## שלום-בית.

חיים איז אַ טרעגער.

אַז ער גייט דורך דער גאַס אײַנגעהויקערט אונטער'ן קאַסטן סחורה, זעט מען אים נישט אַרויס; עס דאַכט זיך, אַז דער קאַסטן גייט אַליין אויף צוויי פּיס... דאָס שווערע אָטעמען הערט זיך דאָך פון ווײַטנס!

דאָך — אָט ליִיגט ער אָפּ די לאַסט, באַקומט זײַנע עטלאַכע גראָשן; ער גלײַכט זיך אוים, אָטעמט שטאַרק אָפּ, בינדט אָפּ ד׳י פּאָלעס, ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פון פּנים, גייט גלײַך צום ברונעז, טוט אַפּאָר שלוק וואַסער און לויפט אין אַ הויף אַרײַן.

ער שטעלט זיך לעבן אַ וואַנט, הייבט אויף דעם ריזן־קאָפּ אַזוי, אַז דער שפּיץ באָרד מיט דער נאָז, מיט׳ן דאַשיק פונ׳ם היטל, קומען אוים אויף איין שטח.

ער רופט:

— חנה!

פון אונטער׳ן דאַך עפנט זיך אַ קליין פענסטערל, און אַ קליין ווײַבעריש קעפּל אין אַ ווײַסן ציפּיק ענטפערט:

— חיים?!

דאָס פּאָר פאָלק קוקט זיך גאַנץ צופרידן אָן. חיים וואַרפט אַרויף זיין פאַרדינסט, אײַנגעוויקלט אין אַ שטיקל פאַפּיר; חנה כאַפּט עס אין דער לופט; עס איז איר נישט דאָס ערשטע מאָל.

— אַ בריה נפלאת. — מאַכט חיים און האָט גאָר קיין חשק נישט אַוועקצוגיין.

— גיי, גיי, חיים! — שמייכלט זי. — איך קאָן מיך נישט רירן פון קראַנקן קינד... איך האָב צוגעשטעלט דאָס וויגל צום קוימען... מיט דער האַנט שוים איך און מיט׳ן פוס וויג איך...

— וואָס מאַכט עס, נעבאַך?

— בעסער!

— געלויבט איז גאָט! און העניע?

— ביי דער גייטאָרן!

— יאָסל?

— אין חדר.

חיים לאָזט צוריק אַראָפּ די באָרד, גייט אַוועק, און חנה קוקט אים נאָך, ביז ער ווערט פאַרשוואונדן.

דאָנערשטאָג און פרײַטאָג דויערט עס לענגער.

— וויפיל האָסטו דאָ אינ׳ם פאַפּירל? — פרעגט חנה.

— צוויי און צוואַנציק גראָשן.

— איך האָב מורא, עס איז ווייניק!

— וואָס דאַרפסטו דען, חנה?

— פאַר אַ זעקסער שמיראַכץ פאַר׳ן קינד, פאַר עטלאַכע גראָשן ליכט, חלה האָב איך שוין... פלייש אויך, אָנדערהאַלבן פונט... נו — בראָנפן אויף קידוש!... היינט דאַרף מען נאָך עטלאַכע דרענגלאַך!

— דרענגלאַך וועל איך דיר שוין שאַפן, עס מוז זיין אויפ׳ן מאַרק.

— דאַרף איך נאָך...

און זי רעכנט אויס, וואָס זי דאַרף נאָך אַלץ אויף שבת. סוף כל סוף בלייבט: אַז מען קען קידוש מאַכן איבער חלה, און אַז אָן אַ סך זאַכן איז זיך גאַנץ לייכט צו באַגיין.

דער עיקר איז — בענטש-ליכט, אויך די זאַלב פאַר׳ן קינד!

און פונדעסטוועגן, אַז גאָט העלפט, די קינדער זענען געזונט, די מעשענע לייכטער — נישט פאַרזעצט, בפרט אויב עס איז נאָך דאָ אַ קוגל — האָט דאָס פאָר-פאָלק גאָר אַ פריילאַכן שבת!

שטענדיק פעלט איר עפּעס: דאָ מעל, דאָ אייער, דאָ פעטס, און צום סוף קומט אַרויס אַ פעטער, אַ זיסער, אַ מחיה׳דיקער קוגל; ער צעגייט פשוט אין אַלע אברים!

— דאָס קאָכט דער מלאך. — זאָגט חנה און שמייכלט פאַר נחת.

— יאָ, אַ מלאך, אַוודאי אַ מלאך! — לאַכט חיים. — דו מיינסט, אַז דו ביסט אַ קלייגער מלאך, אַז דו האַלטסט אויס פון מיר און פון די קינדער... וויפיל מאָל טוען מיר דיר אָן צרות, איך ווער אַמאָל בייז... נו, איך הער עפּעס אַ קללה פון דיר, ווי אַנדערע ביי די ווייבער?

— און באַשר, דו האָסט אַ סך נחת פון מיר? דו און די קינדער גייען נאַקעט און באָרוועס... צו וואָס טויג איך? נישט צו קידוש, נישט צו הבדלה, איך קען אַפילו נישט רעכט קיין זמירות זינגען...

— ביסט פאָרט אַ גוטער טאַטע און אַ גוטער מאַן! — האַלט זיך חנה ביים איריקן. — אַזאַ יאָר אויף מיר און אויף כל ישראל... איך זאָל מיך נאָר עלטערן מיט דיר, ריבונו של עולם!

און דאָס פאָר-פאָלק קוקט זיך אין די אויגן אַריין אַזוי גוט, אַזוי וואַרים און אַזוי מיט׳ן גאַנצן האַרץ, אַז עס דאַכט זיך, זיי זענען ערשט פון אונטער דער חופה אַפער...

עס ווערט נאָך פריילאַכער ביים טיש...

נאָר נאָכ'ן שלאָף גייט חיים אין קליינעם שולכל אַריין הערן תורה.

דאָרט לערנט אַ מלמד מיט'ן פּראָסטן עולם אַלשיך. עס איז הייס, די פּנים'ער זענען נאָך פאַרשלאָפן; איינער כאַפּט נאָך אַ דרימל, דער צווייטער לאָזט אַרויס אַ הויכן גענעץ; נאָר ראַפּטום, ווען עס קומט צום רעכטן אָרט, מען שמועסט פון י ע נ ע ר וועלט, פון גיהנם, וואו מען שמייסט די רשעים מיט אייזערנע ריטער, פון ליכטיקן גן־עדן, וואו די צדיקים זיצן אין גאָלדענע קרוינען און לערנען תורה... דעמאָלט ווערן אַלע אויפגעלעבט: די מיילער — אָפן, די פּנים'ער — רויט... מען הערט זיך איין אָן אַן אָטעם, וואָס עס וועט זיין אויף יענער וועלט!

חיים שטייט געווינלאַך ביים אויוון. ער האָט טרערן אין די אויגן, עס ציטערן אים הענט און פיס; ער איז אין גאַנצן אויף יענער וועלט!

ער ליידט צוזאַמען מיט די רשעים: באָדט זיך אין הייסער סמאָלע; ער ווערט געוואָרפן כף־הקלע, קלויבט שפּענער אין ווילדע וועלדער... אַלץ לעבט ער דורך, און עס באַדעקט אים דער קאַלטער שווייס... פאַר דאָס האָט ער שפּעטער נחת גלייך מיט אַלע צדיקים: דאָס ליכטיקע גן־עדן, די מלאכים, דער לויתן, דער שור־הבר און אַלע גוטע זאַכן שטעלן זיך אים פאַר אַזוי לעבעדיק און אַזוי בולט, אַז ווען דער מלמד ענדיקט, גיט אַ קוש און פאַרמאַכט דעם ספר, כאַפּט ער זיך אויף ווי פון אַ חלום, טאַקע ווי פון יענער וועלט.

— „אַך“, — כאַפּט ער שווער דעם אָטעם, וואָס ער האָט איינגעהאַלטן ביי דער גאַנצער צייט, — „ריבונו של עולם! כאָטש אַ שטיקל, כאָטש אַ פּיצל, כאָטש אַ בראָקעניו עולם־הבא... פאַר מיר, פאַר מיין ווייב און פאַר אַלע מיינע קינדערלאַך!“

און דעמאָלט ווערט ער טרויעריק; ער פרעגט זיך: מישטיינס געזאָגט, פון וואָס, פאַר וואָס?...

איינמאָל איז ער נאָכ'ן לערנען צוגעגאַנגען צום מלמד:

— רבי, — זאָגט ער, און זײַן קול ציטערט, — גיט מיר אַן עצה, איך זאָל זוכה זײַן צו האָבן עולם-הבא!

— לערן, מײַן קינד, תורה! — הערט ער אַ תשובה.

—איך קען נישט!

— לערן משניות... עין-יעקב, כאָטש פּרק...

—איך קען נישט!

— זאָג תהילים!

— איך האָב קײַן צײַט נישט!

— דאַווען ערנסט!

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס איך דאַוון!

דער מלמד קוקט אים אָן מיט רחמנות:

— וואָס ביסטו? — פרעגט ער.

— אַ טרעגער.

— נו, זײַ משמש תלמידי חכמים.

— וואָס הייסט?

— טראָג, למשל, אַלע פאַרנאַכט אין בית-המדרש אַרײַן אַ פּאָר קאַנען וואַסער, די לומדים זאָלן האָבן צו טרינקען...

חיים ווערט דערפרייט.

— רבי, — האָט ער ווײַטער געפרעגט, — און מײַן ווײַב?

— אַז דער מאַן זיצט אויף אַ שטול אין גן-עדן, איז דאָס ווײַב זײַן פוסבענקעלע.

אַז חיים איז אַהיים געקומען הבדלה מאַכן, איז חנה געזעסן און געזאָגט: „גאָט פון אברהם“. אַז ער האָט זי דערזען, האָט אים עפּעס אָנגעכאַפּט בײַם האַרץ.

— ניין, חנה, — פאַלט ער צו'ן איר צו, — איך וויל נישט, דו זאָלסט זײַן מײַן פוסבענקעלע... איך וועל זיך אַראָפּבייגן צו דיר, איך וועל דיך אויפהייבן און זעצן דיך לעבן מיר. מיר וועלן צוזאַמען זיצן אויף איין שטול, ווי אַצונד... עס איז אונז אַזוי גוט צוזאַמען; הערסט, חנה, דו מוזסט זיצן מיט מיר אויף איין שטול... דער ריבונו של עולם וועט מוזן באַשטיין!



# די סקולער רבי׳צן.

„אסתר המלכה איז געווען גרין, נאָר אַ פֿאָדעם לייטזעליקייט איז איר געווען אויסגעגאָסן אויפ׳ן פּנים“. אסתר, די סקולער רבי׳צן, איז אויך גרין; אָבער נישט אײן פֿאָדעם חסד, נאָר אַ גאַנץ בונט לייטזעליקע שטראַלן ליגט אויף איר פּנים. אַן אַלטע אידענע, אַ דאַרע; דאָס קעפּל איבערגעצויגן מיט אַן אײַנגעשרומפּענעם דין־רויזיק הײַטל, הוידעט זיך, ווי אַ הדר אַן אתרוג, איבערן רויטן ברוסט־טיכל. נאָר דער אתרוג האָט צוויי ערנסט־גוטע אויגן.

זי איז אַ היגע געבוירענע, וואוינט אײנע אַליין. אַלע קינדער האָט זי אויסגעגעבן אין פֿאַרשידענע שטעט אַרײַן; נאָר זײַן בײַ זיי וויל זי נישט מכמה טעמים! פּאַר שנירן און אײדימס קען מען נישט ערוב זײַן; און אַ מאַן האַלט פֿאַר׳ן ווײַב, אַ ווײַב — פֿאַר׳ן מאַן. וויל זי זיי נישט מעביר זײַן אויף „כיבוד־אם“; דאָס איז אַן אמת׳ער: „לפני עור לא תתן מכשול“.

— „גאָט, ב״ה — זאָגט זי — האָט אַמישנע באַשאַפֿן אַזוי דעם מענש, אַז ער זאָל נישט זען דעם נאָנסטנס פֿעלער, אַ נישט וואָלט געווען אַזוי פֿיל גט׳ן ווי כתובות!“

צוויי מאָל — האָט דער סקולער רב נישט אײן מאָל געזאָגט, אַז אַן אַלמנה, וואָס קומט אָן צו אירע קינדער, איז אַ טאָפּעלע עגונה. און — „דעם סקולער רב׳ס ווערטער דאַרף מען אײַנפֿאַסן אין גאָלד און טראָגן אויפ׳ן האַלז פֿאַר אַן אויבל!“.

— אמת, — זאָגט זי מיט אַ שטילן זיפֿץ, — הײַנט טראָגט מען שוין נישט קײן אויבל, פֿאַלשע פּערל זענען שענער!

אין סקול האָט זי נישט געקענט בלײַבן; זינט דער סקולער רב, איר מאַן, עליו השלום, איז געשטאָרבן, איז איר די שטאָט נמאס ומאוס געוואָרן.

— טאַקע, — זאָגט זי, — פּנה הודה, פּנה זיוה, פּנה הדרה.

זי פֿאָרט אַהין אײנמאָל אין יאָר, אויף דער יאָר־צײַט. נאָר זי קען זיך דאָרט נישט לאַנג אויפֿהאַלטן — „אַ פּוסטקע געוואָרן!“

40 יאָר האָט זי געוואוינט מיט׳ן סקולער רב. די, וואָס האָבן אים געקענט, זאָגן, אַז זי איז געוואָרן ער אוים׳ן אויג.

—ע ר איז געווען — ער זאָל מיר עס מוחל זײַן! — אַ מתנגד; האַלט ז י נישט פון גוטע אידן! זײַן „עבודה“ איז געווען תורה, פשוט — „נגלה“, זיצט זי שטענדיק בײַם „צאינה־וראינה“, אָדער לערנט דעם שולחן־ערוך אויף עברי־טײַטש. אַלע צוויי וועריטער פאַר־רופט זי זיך אויפן סקולער רב, און — זײַן קול, זײַנע תנועות, זײַנע מנהגים.

נאָך דעם סקולער רב׳ס קידוש און הבדלה וויל זי קיין אַנדערנס ברכות נישט הערן; מאַכט זי זיך אַליין קידוש והבדלה איבער חלות אָדער ראָזינקע־ווײַן. און א י ר קידוש איז ז י י ן קידוש אויסן אויג; דער אייגענער שטילער, בעל־הבית׳ישער ניגון, מיט דער אייגענער מתיקות.

זי עסט „גלאַט כשר“ און איז אַ גרויסע מלומדת.

זי קען אוודאי שאלות אויך פסק׳ענען! זי איז אוודאי געשטאַנען פערציק יאָר דורכאַנאַנד בײַם קוימען, איבערגעדבייט מיט׳ן גוטן פּנים צום טיש, וואו דער מאַן איז געזעסן און געלערנט; מיט די טויבן־אויגן האָט זי אײַנגעזאַפּט יעדע תנועה זײַנע, מיט די האַלב באַ־האַלטענע אויערן אונטער׳ן שטערן־טיכל — זײַן יעדעם וואָרט... זי איז געווען אַן אמת׳ער „עזר כנגדו“; זײַן יעדער געדאַנק האָט זיך דאַריבער אָפּגעשלאָגן אין איר מוח, און זײַן גוטסקײַט — אין איר האַרץ.

אַ טײַך ליגט שוין הונדערטער יאָר אין אַן אַנדער געלעגער און אַלע באַוועגונגען פון זײַנע פאַליעס זענען נאָך אויסגעקריצט אויפ׳ן פעלזן פון איבער דעם ערשטן געלעגער. דעם סקולער רב׳ס לעבן האָט געקענט רואיקער זײַן פון אַ טײַך, נאָר די רבי׳צן איז פאַר אים קיין פעלזן ניט געווען. גיכער אַ שוואָם, וואָס האָט אין זיך אַלץ אַרײַנגעצויגן.

פון דער הײַנטיקער וועלט איז זי נישט צופרידן. „נישט פרום,— זאָל זיך דער ריבונו של עולם זאָרגן... אַז זײַנע אידעלאַך פירן זיך אַזוי, מן הסתם וויל ער אַזוי... נאָר — אָן אַ ת כ ל י ת: די טײַערסטע שטאָפן זענען שפינוועבס. אויך נײט מען נישט ווי אַמאָל: פריער צעשנײַדט מען אויף קלינעם!“

— פון קײן פ ר ו כ ת װעל איך שױן נישט רעדן, נאָר מען קען אַפילו קײן קינד קײן בגד דערפון נישט מאַכן. די פּאַרצײַטיקע אױבלען װערן אַלע מאָל טײַערער; אַ שטערנטיכל האָט אַן אײביקן װערט, אַפילו פון אַ ברוסט־טוך קען מען אױסטעפּן די פּעדים אױף זילבער און גאָלד. נאָר פון פאַלשע פּערל און דזיעטן קען מען שױן גאָר נישט מאַכן.

— און גלױבט מיר, אַז ס׳איז אַ סך מיאוס׳ער, על כל פנים — אין מײַנע אױגן!

קײן שנאה טראָגט זי דאָך קײנעם נישט נאָך.

— מײַן מאַן, דער סקולער רב, זכרונו לברכה, איז אַ מתנגד געװעזן, און קײנמאָל נישט גע׳רודפ׳ט קײן חסידים, — חס ושלום!

זי געדענקט, אַז די בעלי־בתים זענען אַמאָל געקומען שרײַען, אַז מען איז עובר זמן קריאת־שמע. האָט זי געהערט פון זײַן אײגן „פה־קדוש“ אַזאַ תשובה: „עס זענען פאַרהאַנדן — האָט ער זיי געזאָגט — פאַרשידענע חילות, האָבן זיי פאַרשידן כלי־זין, אַנ־דערע מנהגים, נאָר אַלע דינען א י י ן מ ל כ ו ת. אַפילו שטיװל — האָט ער צוגעגעבן מיט זײַן שמײכעלע — מאַכט מען אױך נישט אױף אײן קאָפּילע“.

זי געדענקט אַלע זײַנע װערטלאַך און פירט זיך לױט זײַנע דעות.

ער פלעגט זיך שטאַרק בײזערן, אױב אַ בעל־מלאכה האָט זיך פאַר אים אױפגעשטעלט; ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון אַ נהנה מיגיע כפּו! און דעריבער, אַז זי איז אַהער געקומען מיט אירע עטלאַכע הונדערט גילדן, האָט זי זיך באַלד פאַרלײגט אַ פאַבריק פון פּאָטאַש.

— אַ אידענע — זאָגט זי — איז נישט פּטור פון דעם; עס איז נישט קײן „מצות עשה שהזמן גרמא“. דערנאָך האָט מען איר די פּאָר גילדן ב אַ ה אַ ל ט ן און זי איז געבליבן בײַם פּאָטאַש א ל י י ן.

— עס װאָלט — זאָגט זי מיר — קײן שלעכטער מסחר נישט געװעזן: איך לײז, ברוך השם... פּאָר ימים־טובים אַפילו 2 — 3 רובל אַ װאָך! װאָרן — געלױבט איז זײַן ליבער נאָמען — מײַן פּאָטאַש

האָט אַ שם אין די סביבות. נאָר — היינטיקע צייטן, אַלץ גייט אויף באָרג... ווערט מיר אַמאָל פאַרפאַלן.

איך קוק מיך אום אין אַלע זייטן; איך זע נישט קיין כלים, קיין זאַכן צו דער מלאכה.

— דערצו — גיט זי מיר צו פאַרשטיין — דאַרף מען גאָר נישט: מען נעמט אַ ביסל זאַלץ (אַש פון קוימען), קאַרטאָפל און אַנדערע געוויקסן, מען צעאַרבעט אין וואַסער, לאָזט אויספּאַרען, און מען טוט נאָך אַמאָל דאָס אייגענע, ווערט שוין דערפון „ליטער", דאָס הייסט: ריינער פּאַטאַש!

ביי מיין אַוועקגיין, פרעגט זי מיך אַ ביסל פאַרשעמט און באַזאָרגט:

— זאָגט נאָר, איך בעט איבער אייער כבוד, און אַז אייערע כתבים וועלן קומען אין די גרויסע הענט אַריין, וועט מען מיר נישט הייסן נעמען אַ פּאַטענט?

## דער משוגע׳נער בטלן.

### 1.

ער איז געלאָפן אויף און אָפּ ביי׳ן טאָג איינער אַליין אין בית-המדרש און פּלוצלונג זיך אָפּגעשטעלט.

— ריבונו של עולם! ווער בין איך?

— ווער בין איך?... מען רופט מיך: בערל חנה׳טשעס... נו, בין איך דען בערל חנה׳טשעס? בין איך דער נאָמען? — די שילד איז נאָך ניט די קליים! דאָס הויז, וואו דער רב וואוינט, הייסט: „פּאָד-קאַרפּיעם" און איך — בערל חנה׳טשעס!

אין טשאַכנאָווקע קען מען מיך: מען ווייסט, ווער בערל חנה׳טשעס איז; אָבער אין אַמעריקע? ווען איינער, למשל, גיט אַזוי ראַפּטום אַ זאָג אַרויס אין אַמריקע, אין בית-המדרש: „בערל חנה׳טשעס"... נו, וואָלט עמיץ געוואוסט, אַז מען מיינט מיך?

דאָ איז עפּעס אַנדערש; דאָ גיט יעדער אַ שמייכל, אַ שאָקל מיט׳ן קאָפּ, מאַכט אַזוי אַ תנועה... „אַ באַקאַנטע זאַך, בערל חנה׳טשעס!". איינער טראַכט: — דער בטלן, דער צווייטער: — דער

משוגענער, דער דריטער — כ׳ווייס וואָס; דער פערטער וועט זיך דערמאָנען, אַז איך הייס נאָכ׳ן פעטער בערל, — טויבעלע, אמת, גיט אַ קרעכץ דערביי, ווייל זי ווייסט, אַז איך בין נעבאך אַ יתום. אָבער אין אַמעריקע, וואו מען קען ניט חנה די זיצערקע, און וואו מען ווייסט ניט, אַז עס איז געווען אויף דער וועלט אַ בערל חקרן, דער מאַמעס אַ ברודער, וואו מען ווייסט ניט, אַז איך בין, וואָס מען רופט מיך: אַ משוגע׳נער, אַ בטלן, אַ יתום און אפשר גאָר אַ חקרן אויך (איך בין, דאַכט זיך, געראָטן אין פעטער אַריין), וואָס פאַר אַ רושם וואָלט דאָרט געמאַכט: בערל חנה׳טשעס?!

עפּעס ווייס איך דאָך יאָ, ווער איך בין? איך אַליין זאָג דאָך: אַ משוגע׳נער, אַ בטלן... נו, דאָס בין איך!

— בין איך דען ניט משוגע? וועלכער מענש שטעלט זיך אַנידער קלערן, ווער ער איז? אַ מענש איז אַ מענש! איך בין אַ מענש און הייס: בערל חנה׳טשעס... וואָלט איך געווען אַ הויז, וואָלט איך אפשר געהייסן: פאָד־קאָרפּיעם; אַן אַרעסטאַנט — וואָלט איך געהאַט אַ לאַטע אויף די אַקסלען און אַ נומער... וואָלט מיין טאַטע, נ י ש ט די מאַמע, געווען דער פּאַרזאָרגער, דער „פרנסה־געבער“, ניט דער בטלן, וואָלט איך געהייסן: בערל שמערלס. עס וואָלט אַפילו שווער געווען אַרויסצוזאָגן: „בערל שמערלס“, נאָר מען וואָלט שוין געמוזט! און אפשר וואָלט איך דעריבער ווייניקער געווען ביי מענשן אין די מיילער — ווען מיין נאָמען זאָל זיך נישט אַזוי גלאַטיק אַראָפּקאָלערן פון דער צונג.

— אָבער, ו ו י איך וואָלט געהייסן — אַ מענש בין איך...

— אַ מענש! נאָר אַ בטלן דערצו... מאַלע אַ מענש בלייבט אַ יתום, נו, וואוינט ער אין בית־המדרש? קראַנק בין איך עפּעס צו טאָן? אין שליחות גיין, האָלץ האַקן, אַ משרת ווערן און גיין אָנגעטאָן אַ בגד, נ י ש ט קרועה בלויה, עסן ברויט, נישט זיין ביז דרייסיק יאָר ישיבה־בחור, עס זאָל מיר פעלן צוויי טעג אין דער וואָך און אַרומ־דרייען זיך אַליין און קלערן: ווער איך בין?!

— איך וואָלט כאָטש געוואוסט, ווער מיין קאָפּאָטע איז; ציגנד, אָסור אויב איך ווייס! — אַ שטיק בענדיט, אַ שטיק חיים, אַ שטיק

יונה, דריי פערטל פון מיסט! אַ מערכה, טויבעלע קען נייען, אַ ניט וואָלט איך געווען אָדם-נאַקעט.

— איז דען דאָס אַליין ניט קיין שיגעון? אַזאַ מין בטלנות, אַזאַ מין בטלנות! גאָר נישט... שמערל, חיים, יונה... עס האָט אַ שיעור, וויפיל בית המדרש׳ניקעס איך האָב איבערגעלעבט!... איינער איז שוין אַ סוחר, איינער — אַ טרעגער, איינער — אַ שענקער; אַ דאגה, איינער איז שוין אַן אַלמן אפילו; שמערל האָט שוין דאָס דריטע ווייב. נאָר אַלע האָבן קינדער, געשעפטן, עסקים; גוט, שלעכט, נאָר פּאַרנומענע מענשן, עסן ניט קיין טעג, זענען נישט קיין בטלנים... מענשן! איך וויל אויך זיין אַ מענש!

—וואָס הייסט אַ מענש?

— ווי איך בין אַ איד, איך בין קיין מענש נישט!

— ווי איך בין אַ איד! איך בין אַ איד! אמת, איך בין אַ איד, נאָר גאַנץ טשאַכנאַוועקע זענען אויך אידן און זענען נישט איך! הלמאי, איך בין אַ מאַנספּערשוין, נו... אַלע מענשן, וואָס זענען ניט קיין נקבות, זענען מאַנספּערשוינען, הכלל, זענען אַלע בערל חנה׳טשעס!

— ניין, ברודער בערל! נאָר דיך נישט! דו ביסט אַ מאַנספּער־שוין, דו ביסט אַ איד, אמת; נאָר נישט ד ו ביסט דער מאַנספּערשוין, נישט ד ו ביסט דער איד!... דו ביסט עפּעס אַנדערש; דאָס אַלין איז נאָר אַ צולאָג, צוגעגעבענע זאַכן; אָבער נישט דו אַליין...

— איך רעד מיך איין, אַז איך בין אַ בטלן, אַ משוגע׳נער, אַ יתום, אַן אומגליקלאַכער מאַנספּערשוין... נאָר בטלנים, משוגעים, יתומים זענען דאָ אַ סך, אפשר אַזוינע מאַנספּערשוינען ווי איך בין — ווייניקער, נאָר ד אָ איז; אַ דאגה, אפשר אין אַן אַנדער שטאָט, אפשר אין אַמעריקע, נו, זענען אַלע איינס? חס ושלום, יעדערער פאַר זיך!...

— נו, ווער זשע בין א י ך, צו אַל׳די שוואַרצע יאָר!

עס האָט געמוזט אין מיר אַריין אַ דיבוק, עס מוז עמיץ זיצן אין מיר און קלערן איבער מיר, און מיר דאַכט זיך: איך אַליין קלער! אַ והא ראיה, ווען איך האָב כוח (אַ גאַנצע וואָך, אויסער מאָנטאָג און דינסטאָג), האָט יענער אויף מיר קיין שליטה ניט; קלער איך

ווייניקער! און באמת, די חקירה איז, אַז קיין שום מענש אין דער וועלט קאָן נישט איבערקלערן זיך אַליין! — ווי הייסט, איך וויל מיך משיג זיין? איך וויל מיך אַרויסרייסן פון מיר אַרויס, אַוועקשטעלן זיך אָדער אים אין אַ זייט, „ער“ זאָל קוקן אויף מיר! איך־ער זאָל קוקן אויף ער־איך!...

— האַ, האַ, האַ! ווי הייסט! זאָל איך מיר נאָר באַרעכענען!... עפּעס ווערט מיר ווארים אין קאָפּ!...

(ער לויפט צו צום כיור, גיסט זיך אָפּ מיט קאַלט וואַסער; שלעפּט אַרויס פון אונטער׳ן אויווען אַ שמאַטע און בינדט זיך שטייף אַרום דעם שטערן).

— צינד וועט עס גיין. נאָך אַמאָל!... א י ך וויל וויסן, ווער איך אַליין בין...

— וואו זאָל איך קוקן, אַראָפּ צי אַרויף? רעכטס — צי לינקס?... א י ך בין דאָך אין מ י ר. ווען איך, למשל, קריך אַרויף אויפ׳ן אָרון־קודש, בין איך אין גאַנצן אויבן; איך וועל אונטן גאָר נישט איבער־לאָזן. לאָמיך לויפן אין קעלער אַריין, וועל איך זיין אין גאַנצן אונטן... נו, אַזוי, ווי קען איך קוקן אויף מיר!?

— היכא דמי?!

— וואָס דען זיצט אין מיר און קלערט פאַר מיר?

— און עפּעס זיצט דאָך פאָרט... האַ?...

— איך ווייס דאָך, אַז ווען עס זענען געלעגן ביי דער שמש׳טע אומגעציילטע קיכלאַך און איך האָב שוין דריי טעג קיין מאכל ניט געהאַט אין מויל האָב איך גאַנץ שטאַרק חשק געהאַט אַראָפּצושנופּן אַ קיכל... נאָר איך האָב געזאָגט: ניין! מען טאָר ניט! נישט מיין... דערנאָך האָב איך געפונען טויזנט תירוצים... „די שמש׳טע האָט גענוג פאַרדינט אָן מיר, זי מאָג מיר געבן אַ צולאָג“, „איך זאָל זי בעטן, וואָלט זי מיר אַליין געגעבן“, „איך וועל איר מיט גאָטס הילף אַמאָל באַצאָלן“... נאָר א י ך האָב אַלץ געזאָגט: „ניין, מען טאָר נישט“... און עס איז געבליבן — נישט!... פריער איז עס געגאַנגען איינס נאָכ׳ן אַנדערן; מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך אַליין פרעג און איך אַליין ענטפער, נאָר דערנאָך, שפּעטער אַ ביסל, כאָטש תוך

כדי דיבור, איז עפּעס אַנדערש געוואָרן, עס איז געוואָרן אַ מחלוקת; און נישט איז געוואָרן, נישט ווייל איך האָב נישט געוואָלט, אָדער דעם חשק פאַרלאָרן. נײַן, נאָר די האַנט האָט זיך נישט געקענט רירן: זי האָט נישט געוואוסט וועמען צו פאָלגן... אַ ווהאַ ראיה, איך בין דערנאָך שטאַרק מיד געוועזן, טאַקע ווי נאָך אַ גרויסער מחלוקה, ווי נאָך אַ הײַסן וויכוח מיט יונה לאַקש, וואָס וויל מיר אַלץ אײַנרעדן אַז דער גאון, ז"ל, זיצט אין גן-עדן מיט אַ פאַרראַצטער באָרד, ווייל ער האָט נישט געהאַלטן פון חסידות!

— אַזאַ פערד!... נאָר מיד בין איך געוועזן; איך דערמאָן מיך גאַנץ זיכער, זיכער! דאָס אײגענע איז געוועזן פורים, ווען איך האָב געטראָגן פון פרץ פײַנהאַלץ, פון גביר, דעם רב שלח-מנות. איך האָב געהאַט אַ פול מויל מיט וואַסער, די צונג איז מיר אַרומגעלאָפן אין מויל ווי משוגע, ווי איך לויף ציגד אַרום אין בית-המדרש. די הענט האָבן מיר געציטערט; אַ שטיק טאָרט, מאַקאַראָנען, עפּעס נאָך עטלאַכע מינים... איך, נאַשער, האָב געוואָלט; איך, ערלאַכער מאַן, האָב נישט געוואָלט!...

— מען זאָגט: „יצר טוב", זאָל זײַן אַזוי! אָבער סײַ ווי סײַ, בין איך דאָך נאָר אַ דירה, וואו עס וואוינען צוויי שכנים. אײנער הייסט: יצר-טוב, דער צווייטער — יצר-הרע. נישט אַזוי? ווײַטער די מעשה מיט די נעמען... אָבער ווער זענען זיי? ווער בין איך?!

— איך בין אַ דירה, איך בין אי דער גוטער שכן, אי דער שלעכטער שכן. אַלץ איך. און דערצו וויל איך וויסן, ווער איך בין?! האַ, האַ, האַ! — שאַ! נעכטן ערשט, דער עולם האָט געלאַכט, וואָס איך בין געבליבן שטיין אויף אײן אָרט, אפשר אַ שעה! איך ווייס, וואָס איך בין געשטאַנען! איך האָב נישט געקענט גיין: מען האָט געהאַקט האָלץ אויפ'ן שול-הויף, האָב איך געוואָלט גיין פּרוּוון, צי איך קען אַ שײַט האָלץ צעהאַקן, צי קען איך אַרבעטן... איך האָב שוין אָנגעהויבן גיין; שטייען צוויי בענק: אין דער זײַט אַ באַנק, אין יענער זײַט אַ באַנק. דאָ דערציילט מען, אַז מען הייצט אין באָד. הייבט מיר אָן בײַסן דאָס גאַנצע לײַב, און איך וויל צוגיין צום קעסטל, אַרויסשלעפּן דאָס בעזימל און גיין אין באָד אַרײַן... קעגנאיבער האָט

זרח מלמד דערציילט יענקל קעצלען, אַז אין „בעל עקדה" איז דאָ אויף דער הײַנטיקער סדרה אַ פּלאַי פּלאַימ׳דיקער דרוש! וויל איך וויסן, וואָס זרח מלמד איז געפעלן, צולויפן צו דער מזרח-וואַנט און אַראָפּכאַפּן דאָס ספר... נו, בין איך טאַקע געשטאַנען! די פיס האָבן ניט געוואוסט וועמען צו פאָלגן: צי ד ע ם בערל חנה׳טשעס, וואָס וויל גייִן האַלץ האַקן; צי ד ע ם בערל חנה׳טשעס, וואָס וויל גייִן אין באָד אַרײַן, ווײַל עס בײַסט אים; צי ד ע ם בערל חנה׳טשעס, וואָס וויל וויסן, וואָס זרח מלמד איז געפעלן?!... איך בין טאַקע אַזוי לאַנג געשטאַנען, ביז איך האָב מיך דערמאָנט, אַז איך האָב נאָך קײַן מנחה נישט געדאַוונט!

— נו, על כן? וואוינען אין מיר שוין פיר פּאַרשוין! אַ האָלצ-העקער, אַ בעל-עקדה׳ניק, אַ בעדער און דער לעצטער — אַ מנחה דאַוונער, וועלכער האָט אַלע אַרונטערגעיאָגט אונטער׳ן אויוון, זיי זאָלן קײַן פּיפּס ניט געבן: נאָר ע ר האָט צו שאַפן, און די פיס מוזן א י ם פאָלגן. אַ והא-ראיה איך בין טאַקע צוגעגאַנגען צו דער וואַנט און האָב געדאַוונט!

אַ שטיקל אמת שטעקט דערינען... וואָרום זיי זענען נישט פאַר-לוירן געוואָרן; זיי האָבן זיך נאָר באַהאַלטן אונטער׳ן אויוון, זיי האָבן פון דאָרטן אַרויסגעקוקט... זיי האָבן געוואונקען צו מיר און האָבן מיך מבטל געווען! אין מיטן שמונה-עשרה האָב איך אַלץ אין זינען געהאַט: האָלץ האַקן, שמײַסן זיך אויף דער העכסטער באַנק אין באָד, און דעם בעל עקדה׳ס דרשות אויך!...

— נו, אַ כלל? וואָס העלפט דער יצר-טוב מיט׳ן יצר-הרע, אַז איך בין אַמאָל דרײַ און אַמאָל פיר!

— אָט, צינד פיל איך, אַז „איך" אַלײן בין עפּעס אַ גאָר נישט! איך אַלײן וואָלט גאָר ניט געלעבט. איך אַלײן, ווען איך לעב אפילו, וואָלט איך מיך אין דער פרי אַפילו פון דער באַנק ניט אויפגעהויבן, איך וואָלט געלעגן ווי אַ גולם עד סוף כל הדורות... איך בין טאַקע אַ גולם, א י ך האָב גאָר קײַן נשמה נישט; וואָס דען? אַלץ אַרום לעבט, אַלץ אַרום האָט נשמות, די נשמות זײַנען לאָזן אַרויס פון זיך אַזוינע לאַנגע, דינע, שפּיציקע פעדעמלאַך, אַזוינע שטראַלן, און זיי

כּאַפּן זיך און טשעפּען זיך אין מיר; קריכן אין מיר אַרײַן, רירן מיך, שטעלן מיך אויף די פיס, הײַסן מיר גײן, טאָן, לויפן... אָבער איך אַלײן בין גאָר ניט!

ווער דען פאַרט קלערט? האַ? ווער זיצט אין מיר און קלערט? ווײַטער אַ פרעמדער? נ י ש ט איך?

— נו, זאָל זײַן אַ פרעמדער! ווער איז ע ר? ווי קומט ער צו מ י ר? צו בין איך אַ שטײַג און ער — אַ פײגעלע?... דוד המלך, עליו השלום, זאָגט: יונתי — הײסט עס: מײַן טײַבעלע! — וויל דאָס ט י י ב ע ל ע האַלץ האַקן, אין באָד אַרײַן גײן, אַראָפּ׳גנב׳ענען פון שלח-מנות, אַוועקשנופּן אַ קיכל בײַ דער שמש׳טע און תוך כדי דיבור זען דעם בעל-עקדה׳ס דרשה?... פו, טײַבעלע, נישט שײן! ביסטו עס, מעגסטו זיך שעמען!

— האַ! האַ! האַ! בערל חנה׳טשעס איז אַ טײַבעלע, אַ פײגעלע; בערל חנה׳טשעס האָט אַ קלײן פּיסקעלע מיט פליגעלאַך, בערל חנה׳טשעס וועט אַמאָל אַרויספליען פון דער שטײַג...

— נו, בערל חנה׳טשעס, דעמאָלט וועסטו אויך קלערן, ווער דו ביסט? אויך זײַן אַ יתום, אויך זײַן אַ בטלן, אויך זײַן משוגע?

אַוודאי! ווער דען? די שטײַג איז משוגע? די שטײַג איז אַ יתום?

— ריבונו של עולם! ווער בין איך פאַרט?

2.

עס קומט אין בית-המדרש אַרײַן וואָלף סוחר.

בערל חנה׳טשעס דערזעט אים און אַנטלויפט אָן אַ זײַט. וואָלף סוחר וואַשט די הענט, ווישט אָפּ אָן דער פּאָלע, נעמט אַרויס פון דער שאַנק אַ ספר און זעצט זיך אַרײַנקוקן. בערל חנה׳טשעס לאָזט פון אים קײן אויג נישט אַראָפּ...

— ווער איז ער? פרעגט ער זיך און ענטפערט זיך באַלד:

— וואָלף סוחר! — ער גיט זיך דערבײַ אַ שטאַרקן קניפּ אין באַק אַרײַן...

— בהמה! חמור! וואָלף סוחר איז אַזוי ווי בערל חנה׳טשעס! אַזוי הײסט ער; נאָר ווער איז ער?... צי איז ער אײנער, צוויי, צי

דרײַ? װיפיל פײַגעלאַך פּישטשען אין זײַן שטײַג? פאַרשטײסטו, װאַיטעק!?

ער האָט זיך נאָך שטײַפער צוגעצויגן דעם קאָפּ.

— לאָמיך קלערן...

— אַצונד איז ער אײנער, אײן װאָלף סוחר... ער זיצט און לערנט! פאַרטיפט, ער זעט מיך נישט. ער לערנט אוודאי נדרים, זײַן פּרק, מער קען ער נישט... אַצונד װײס איך, װאָס ער איז — אַ פּרק נדרים... דערנאָך? װעט װאָלף סוחר אַראָפּגײן אין גאַס אַרײַן, װעגן תבואה אויף אַ פאַלשער װאָג, אָפּנאַרן גאַנץ קרוין פּוילן און אַהײם גײן געבן דעם װײַב, דער אָרימער, דערשלאָגענער טויבע, צװעלף פּעטש מיט פיר דזאָך! זעסט דאָס לעמעלע, בערל חנה׳טשעס! זעסט דאָס שעפּעלע, זעסט װי עס קנײטשט אײַן דעם שטערן? זעסט די פרומע אײגעלאַך, זעסט, זעסט! און דו שוטה, דו בערל חנה׳טשעס, דו חמור, װילסט מיך אײַנרײדן, אַז דאָס איז דער אײגענער גנב פון גאַס, דער אײגענער רוצח פון דערהײם? נײן, בערל חנה׳טשעס! מיך װעסטו דאָס נישט אײַנרײדן! נײן,! — ניט אַזוי קוקט אַ גנב, ניט אַזוי זעט אויס אַ רוצח!... שוטה!...

— איך זאָג דיר, בערל חנה׳טשעס, אַז עס זענען דאָ דרײַ װאָלף סוחר׳ס... אײנער איז אַ לעמעלע, אַ פרום לעמעלע, װאָס זיצט און לערנט נדרים און װעט אויף יענער װעלט אויך לערנען נדרים, און טאַקע מיט׳ן ריבונו של עולמ׳ס פּירוש... דער צװײטער — איז אַ גנב און װעט דאָרטן אויך כאַפּן פון די טעלער; דער דריטער איז אַ רוצח, װאָס הרג׳עט דאָס װײַב מכות־רצח...

— אַ רחמנות אויף איר!... עס שנײַדט מיך בײַם האַרץ; אָפּט חלומ׳ט זי זיך מיר... זי בעט מיך אַמאָל, בײַנאַכט אין שלאָף, איך זאָל איר העלפן... דאָס הײסט: זי בעט ניט מיט׳ן מויל, זי רעדט נישט, חו״ש! אַ אידישע טאָכטער רעדט נישט מיט אַ מאַנספּערשױן... נאָר זי קוקט אויף מיר מיט אַזאַ... מיט עפּעס אַזאַ... מין קוק...

— ריבונו של עולם! קוקן מעג זי דאָך! זי מ ע ג קוקן אויף אַ מאַנספּערשױן!...

— האַ, האַ, האַ! איך אַ מאַנספּערשוין!... וואָלף סוחר איז אַ מאַנספּערשוין, פּוילן זאָל ער, וואָלף סוחר! איך בין אים אַ שונא אויפ׳ן לעבן. איך האָב ביי אים אַ טאָג; נאָר אַ שונא בין איך! שנאת חינם טאַקע, נאָר אַ שונא... איך וואָלט אים געשטאָכן! יאָ!... נאָר נישט דעם וואָלף סוחר, וואָס זיצט און לערנט, אַפילו דעם גנב נישט, נאָר דעם רוצח! אים וואָלט איך געשטאָכן... איך אַליין קען נישט, איך אַליין האָב נישט צו שאַפן, איך בין נאָר אַ שטייגל... איך האָב אַפילו אַ קניפּיק, גאָר אַ שאַרפן, מען קען מיט אים נעגל שניידן, אַ קאָפּ גאָלן...

— איך מאַך מיר אַפילו קיין לאַמטערן נישט, ווייל עס איז מיר אַ שאָד דער קניפּיק, ער זאָל נישט שטומפּיק ווערן...

— דאָך איך אַליין קען נישט... מען דאַרף, עס זאָל עמיץ הייסן; עפּעס אַ בת-קול, עפּעס איינער, אַפילו זרח מלמד! זאָל ער אַליין מיר הייסן! ווער שמועסט ווען ז י זאָגט מיר, אַזוי שטיל, ביינאַכט אין חלום; נאָר זי וועט נים זאָגן, אַ אידישע טאָכטער וועט נים זאָגן. חס-ושלום! איך וואָלט זי פיינט געהאַט, זי זאָל מיט מיר רעדן.

— אַזוי איז בעסער, קוקן זאָל זי, און שטענדיק, אַ׳ן אַ גאַנצע נאַכט; ביימאָג קען נאָך עמיץ דערזען, חס ושלום! עס איז גענוג יעדע נאַכט...

— אָ! ווי שיין וואָלט עס געווען! איך וואָלט אַרויסגענומען דעם קניפּיק, איבערגעגאַנגען די כאַליעווע, איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל, פיר מאָל, און בוך!...

— האַ, האַ, האַ! עס וואָלטן אַרויסגעלאָפן געדערים און געדער־רימלאַך. האַ, האַ, האַ! און בלוט, רויט בלוט... האַ, האַ, האַ!

— ניין, וואָלף סוחר, נדרים-לערנער, נישט דיך מיין איך! יענעם, יענעם, דעם רוצח... גאָר נישט דיך!

— הערסט, בערל חנה׳טשעס, ווען דו ביסט אַ מענש, ווען דו ביסט נים קיין יתום, קיין בטלן, קיין משוגע׳נער, קיין חקרן, וואָלט שוין אַליין גוט געווען... טויבעלע וואָלט אַפילו געוויינט, זי וואָלט דאָך געוואָרן אַן אַלמנה, נאָר איך וואָלט איר אין חלום געזאָגט: טויבעלע, גענוג, דו האָסט צוויי מאַנען: איינער גנב׳עט, דער צווייטער זיצט און לערנט;

וואָס טויג דער דריטער, ווילסטו דווקא דריי? דווקא מען זאָל דיך, טויבעלע, שלאָגן, דווקא דו זאָלסט וויינען גאַנצע טעג און גאַצע נעכט...

— און אפשר איז ער פאָרט נאָר איינער?...

— בערל חנה׳טשעס! דריי זענען זיי, לאָמיר זיך וועטן! קום אַמישנע, ווייל ער זיצט דאָ און לערנט, קום אין גאַס אַריין, וועסטו זען, ווי יענער גנב׳עט דערווייל אין גאַס... דערנאָך ווי ער שלאָגט. קום, וועסט זען!...

ער הייבט זיך אויף, לויפט אויף די נעגל צו דער טיר, שלעפט אַרויס דעם שליסל און פאַרמאַכט פון יענער זייט...

## 3.

ער קומט צוריק, בלאַס און אין כעס...

— זיי האָבן זיך באַהאַלטן, די גנבים! וואָס האָבן זיי צו טאָן? עס איז היינט נישט קיין טאָרג! עפּעס אַ יום-טוב, עס הענגען פענער, מען קען ניט גנב׳ענען... טויבעלע איז נישט אין דערהיים... זי האָט געמוזט גיין צו אַ שכנה. די טיר איז צו... זיי האָבן זיך אפשר ביידע באַהאַלטן! איך האָב אַריינגעקוקט דורכ׳ן פענסטער. אונטער׳ן בעט, האָט זיך מיר געדאַכט, רירט זיך עפּעס. אויף דער פאָדלאָגע האָט זיך דער שאָטן געהוידעט, געוואָרפן, געצאַפּלט! אַ קשיא אויף אַ מעשה, ע ר זיצט דאָ און לערנט און ז י י ליגן אונטער די בעטן...

— און וואָלף סוחר, דער תם, דער נדרים-לערנער האָט אַפילו ניט געהערט, אַז איך האָב אויף-און צו-געשלאָסן די טיר! ער איז אַזוי פאַרטיפט אין לערנען!

— און אפשר לערנט ער גאָר נישט? אפשר זיצט דאָ דער גנב און וויל אָפּנאַרן מיך מיט׳ן ריבונו של עולם?

— וואָלף! — רופט ער אים פּלוצלונג.

— וואָס איז?

— גאָר נישט!

— בטלן! —

אין אַ מינוט שפּעטער.

— וואָלף!

— וואָס איז?

—איך האָב אַ קניפּיקל!

—וואויל דיר!

— ווילסט זען?

— ניין!

— דאַרף מען נישט!

אין אַ פּאָר מינוט אַרום:

— וואָלף!

— וואָס?

— דו לערנסט, צי דו מאַכסט נאָר אַזוי?

— וואָס גייט עס דיך אָן?

— איך דאַרף נייטיק צו וויסן, כ'לעבן, נייטיק!...

— שטיל, משוגע!

אין נאָך אַ פּאָר מינוט:

— וואָלף!

— וואָס איז?

— וויפיל ביסטו?

וואָלף סוחר ווערט בייז, מאַכט צו די גמרא און גייט אַרויס פון בית-המדרש; בערל חנה'טשעס בלייבט אַליין.

— צו האָב איך גערעדט מיט וואָלפן?

— און וואָס האָב איך מיט אים אַזוינס גערעדט? וואָס איז ער אַנטלאָפן? ווי בין איך אַרויסגעגאַנגען? האַ? וואָס טוט ביי מיר אין האַנט דאָס קניפּיקל?

ער וואונדערט זיך שטאַרק, און נאָך מער בפרט אַז ער דערזעט, אַז ער האָט זיך דורכגעשניטן די כאָליעווע. ער ווערט בייז:

— נו, בערל בטלן! דו אַליין האָסט צעשניטן דיין כאָליעווע. דו האָסט אַנדערע כאָליעוועס? טויבעלע וועט דיר ווייטער שענקען אַ פּאָר שטיוול? זי האָט ווייניק געלייזט פאַר יענע שטיוול! זעסטו, בטלן, זעסטו, משוגע, זעסט? עס איז עמיץ אין דיר און נישט דו! זעסט?

— לאָמיך נאָר אַליין זען, ווי דו זעסט אויס, חמור, וואָס לאָזט זיך די שטיוול צעשניידן! לאָמיך דיך אָנקוקן, בטלן!

ער לויפט צום כיור, כאַפּט די שמאַטע אַראָפּ פון קאָפּ און הייבט אָן רייבן און פוצן דאָס מעש.

— איך זע דיך שוין אַ ביסל, בטלן, — וואַרט, וואַרט, איך וועל דיך נאָך בעסער זען. איך וועל דיין גאַנץ טרף פּרצוף זען, דיין חמור־קאָפּ!...

ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני און רייבט מיט'ן גאַנצן כוח. ער בלייבט דאָך פּלוצלונג שטיין.

— ווער פּוצט דעם כיור? ווער? איך האָב כוח? איך האָב דען היינט געגעסן, נעכטן געגעסן? וואָס איז היינט? דינסטאָג! מאָנטאָג און דינסטאָג האָב איך דאָך נישט קיין טעג. ווער רייבט?!

ער האָט זיך צוריק צוגעכאַפּט צו דער אַרבעט.

— זאָל רייבן ווער עס וויל, איך, צי דער פויגל, צי די טויב, דער יצר־הרע, צי דער יצר־טוב, נאָר דיין בטלנ'יש טרף פּרצוף מוז איך זען! באַלד, באַלד! און אויף אַמאָל!

ער פאַרמאַכט די אויגן און רייבט ווייטער אַ ווײַלע מיט כוח. דערנאָך עפנט ער די אויגן און דערזעט זיך.

— האַ, האַ, האַ! אַזוי זע איך אויס, אַ מת, אַ ריינער מת! צו נעמען אויף דער טהרה־ברעט, צו לייגן שערבלאַך אויף די אויגן!

— זעסט, טויבעלע, ווי איך זע אויס! זעסט! און אַזוי זע איך אויס, ווען דו דערלאַנגסט מיר אַלע מאָל אַ שטיקל ברויט... אַ נישט, ווי וואָלט איך נאָך אויסגעזען? —

ער פאַרטראַכט זיך און דערמאָנט זיך ווייטער.

— אַ מת! דאָס בין איך, יאָ, יאָ! דאָס איז בערל במלן, בערל יתום, בערל משוגע! אָט דאָס! און ווער בין איך פּאָרט?

ער קוקט אויפ'ן כיור און קוקט אויף זיך.

— דאָרטן זעט מען נישט די צעריסענע כאַליעוועס! — וואונדערט ער זיך און ווערט בייז.

אַ מכה דיר! — שרייַט ער פלוצלונג אויס. — אַ מכה דיר, דו כיור־מענש! דו דאַרפסט אויך האָבן צעריסענע כאַליעוועס! אַז איך האָב, דאַרפסטו אויך האָבן!

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן מער אויף דער פאָדלאָגע, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער ערד און אַרייַנגעשטופּט די פיס אין כיור.

— איך זע נישט, נאָר דו האָסט, דו האָסט צעריסענע כאַליעוועס! זעסט!...—אויפצוהייבן זיך איז אים שוין שווער. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער מענש אינ׳ם כיור האַלט אים צו ביי די פיס; ער האָט זיי דאָך אָפּגעריסן, אויפגעהויבן זיך, אַביסל פאַרוואונדערט, אַביסל דערשראָקן.

— כיור־מענש! — האָט ער זיך געריַיצט און פאָרט מורא געהאַט צו קוקן אין כיור אַרייַן. ער איז צוגעלאָפן צום אויוון, אָנגענומען אויף די הענט קאַלך און צוריק פאַרשמירט דעם כיור.

— ליג דאָרט אין דער קרענק, קוק נישט אַרויס!

דער קאָפּ האָט אים אָנגעהויבן שטאַרק וויי טאָן; און די פיס האָבן אים געבראָכן; ער האָט זיך וויַיטער פאַרטראַכט.

לאָמיך נאָר עפּעס דערמאָנען...

— אַצינד טוט מיר וויי דער קאָפּ... אַז דער רוצח שלאָגט טויבע־לען, טוט מיר וויי דאָס האַרץ... עס ברעכט מיר די פיס; אַז איך גיב מיר אַ קניפּ אין באַק, פּלאַמט מיר די באַק; ווייַל איך האָב אַ באַק, איך האָב הענט און פיס, איך האָב אַ קאָפּ מיט אַ האַרץ און האָב אפשר אַ נשמה אויך — אַלץ האָב איך. נאָר וואָס בין איך אַליין? נישט די באַק, די פיס, נישט דאָס האַרץ, נישט דער קאָפּ, נישט די נשמה. וואָס דען? גאָר נישט...

— איך זאָל מיך קענען מאבד עצמו לדעת זיַין, און אַליין זען וואָס עס וועט זיַין, וואָס עס וועט בלייַבן, אַז עס וועט אַוועקפאַלן דער קאָפּ, די הענט, די פיס, די באַקן, צעריסענע כאַליעוועס... דעמאָלט וואָלט איך אפשר עפּעס געוואוסט? צי וואָלט נישט אַ יושר געווען צו פּרוואון?...

— ווען זי זאָל נאָר הייסן! אפשר וואָלט איך עס ביי איר געפּרואווט?

# וועלכע?

### 1.

דאָס שענסטע פון אַלע שטיינבילדער אין גאָרטן איז וועגוס — די גריכישע געטין פון שיינהייט. פון ווייסן מאַרמאָר, אויף אַ גרינלאַך-בלאַנקן פּיעדעסטאַל, שטייט די שיינע געטין און קוקט מיט אירע פריי-אָפענע אויגן אויף אַ טעראַסע מיט פרישע רויזן און ליליען.

אין דער אַליי באַווייזט זיך אַ ניינצן-יעריק מיידל. איר געזיכט שטראַלט מיט פרייד, די אויגן שפּריצן מיט פרישן געזונטן לעבן. זי גייט צו צו וועגוס.

מוטוויליק שפּרינגט זי אַרויף אויפ׳ן פּיעדעסטאַל — זי איז איין גרייס מיט דער געטין.

דאָס פרייט זי. זי נעמט אַרום מיט דער אַלבאַסטער-האַנט דעם מאַרמאָרנעם געטלאַכן האַלז, לייגט צו אירע פרישע, קרעלענע ליפּן צו די געטלאַכע.

אַזוי שטייט זי אַ ווייַלע. און ווער עס גייט דורך, פרעגט זיך:
— וועלכע איז שענער? צי די פון שטיין, צי די פון פלייש?

---

### 2.

הינטער אַ דיקער בלאַנקער שויב, אין אויסשטעלונג פון אַ מאָדע-מאַגאַזין, שטייט אַ שיינהייט, באַהאַנגען מיט מאָדע-זאַכן, נאָר אויס-געקלעפּט פון וואַקס.

די ליפּן זענען אומנאַטירלאַך רויט, ווי ערשט פריש און צו פיל געפאַרבט; דאָס געזיכט איז געלבלאַך-מאַט, די ברייט-געעפנטע אויגן — שטאַר, אָן אַ בליק; אַם שרעקלאַכסטן זענען דאָך די ברעמען: אַ רייהע פון שטייפע האָר, וואָס שטייען איינס ווייט פון צווייטן...

אינערוועענדיק, אין האַלב-פאַרדונקלטן לאָדן קויפן דאַמען אַלער-ליי בענדער.

פרייַלין, — מאַכט די דיקע מאַדאַם צום לאָדן-מעדכען, — נעמען זי נאָך אַרויס די קאַרמין-בענדער פון דער אויסשטעלונג.

— אויסגעוויילטע שריפטן.

דאָס מעדכען פאָלגט.

איך גאַנג איז מיד און וואַקלדיק; מיט אָנגשטרענגונג עפנט זי ברייט די רויטלאַכע אויגן, אום נישט איינצושלאָפן אין גאַנג.

דאָס געזיכט איז שיין, נאָר מאַט, געלב און אָפּגעלעבט; די ליפּן — רויט, נאָר, קענטלאַך, פריש געפאַרבט.

זי עפנט דאָס פענסטער, בייגט זיך איבער דעם וואַקסענעם בילד און זוכט די בענדער. זוכנדיק, פאַרטראַכט זי זיך און פאַר־קוקט זיך אין דער לופט אַריין, אויף גאָר נישט...

אַזוי שטייט זי אַ ווײַלע. און ווער עס גייט דורך אין גאַס, פרעגט זיך:

— וועלכע איז שרעקלאַכער? די פון וואַקס, צי די פון פלייש?

# פאָדליעץ.

## 1.

אַ רייַכער מאַן פאָרט דורך און באַמערקט אַ בעטלער, וואָס שטייט אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט. עס איז קאַלט און פייַכט. גאָט ווייס, ווי לאַנג דער בעטלער שטייט שוין און וואַרט אויף אַ נדבה.

דער רייַכער מאַן קריגט רחמנות, כאַפּט אַרויס און וואַרפט דעם בעטלער אַ זילבערן צען־קאָפּיקעס שטיק.

דער בעטלער קוקט אויפ'ן אָרט, וואו די מטבעה איז געפאַלן, און רירט זיך נישט פון אָרט. דער רייַכער מאַן באַמערקט עס.

— עס איז אים ווייניק. — טראַכט ער.

— פאָדליעץ!...

## 2.

די דראָשקע איז פאַרביי. דער בעטלער זעצט זיך קרעכצענדיק אויפ'ן טראָטואַר.

עס איז פייַכט און קאַלט, און עס ברעכן אים די ביינער; די פיס זענען ווי פאַרשטאַרט... גאָט ווייס, ווי אַזוי ער וועט היינט אַהיים קומען; זיי פאָלגן נישט, די הילצערנע פיס. זיצנדיק, קען

ער אויך צו דער מטבעה נישט דערלאַנגען. ער ציט זיך אינגאַנצן אוים און שטרעקט אוים די האַנט... קוים, קוים! ער האָט זי!

ער נעמט זי צו די אויגן צו. זי איז פאַלש! און ער שרייט אויך אוים:

— פאַדליעץ!

# עס איז דאָך גיט קיין זאַקן.

אין זאָקן־פאַבריק.

עס קומט אַרײַן אַ מײדל מיט אַ טוץ אויסגעאַרבעטע וואָלענע זאָקן. זי גייט צו צום אַלטן הער.

ער וואַרפט אַ בליק אויף דער סחורה, ווײַזט איר מיט'ן פינגער צום יונגן הער.

זי גייט לויט מען ווײַזט איר.

דער יונגער הער נעמט די זאָקן אין האַנט אַרײַן — גענוג ווײך. דערנאָך לייגט ער זיי אויף דער וואָג, — זיי האַלטן אוים. דערנאָך נעמט ער אַ מאָס און מעסט די לענג, די ראַנד, דעם פוסבאַלן — גוט

דאָס מײדל אָטעמט אָפּ; שטרעקט אוים די האַנט נאָך געלט.

— אַ ווײַלע! — מאַכט דער „יונגער הער“. — ער נעמט פון טיש אַ פאַרגרעסער־גלאָז, ווישט עס אוים און באַטראַכט די אַרבעט.

נאָך אַ לאַנג באַטראַכטן, זאָגט ער גלײַכגילטיק, נאָר פעסט: „דרײַ פּראָצענט אַראָפּ!“

— עטלאַכע פעדים איבערגעהאַקט; דרײַ אויגן נאָכגעלאָזט...

— אָבער... — וויל זי זיך פאַרטיידיקן.

— קיין אָבער! — האַקט איבער דער יונגער הער און גיט איר אַ קוויט צו דער קאַסע.

די טיר עפנט זיך ווײַטער, און עס באַווײַזט זיך אַ לאַכנדיק געל אידל.

— גוט מאָרגן!

— גוט יאָר. — ענטפערט דער אַלטער הער. — ביטע!

דאָס געלע אידל גייט צו צום אַלטן, זעצט זיך בײַם טיש.

— דאָס איז מײַן זאָן! — ווײַזט ער אויפ׳ן יונגן מיט שטאָלץ.
— אַ סוחר! — גיט ער צו. — און נאָך ווי הײַסט אַ סוחר!
— נו, איז גוט! — ענטפערט דאָס געלע אידל. — אַ סוחר דאַרף געלט!
— געלט! — ציט דער אַלטער מיט דער אַקסל.
— 15-טויזנט אין באַר!
— נאָר אײַן פּוס אַ ביסל קירצער. — מישט זיך דער יונגער הער אַרײַן מיט אַן אומעטיקן שמײַכל.
— מען זעט קוים אָן! — מאַכט דער שדכן.
— אָבער קירצער איז ער!
— נו, — מאַכט דער אַלטער, — אַ כלה איז דאָך נישט קײַן זאַך! מען קוקט נישט אויף קײַן פאַרגרעסער-גלאָז!

---

## פיר דורות—פיר צוואות.

### 1.

אַז ר׳ אליעזר-חײַקלס איז נפטר געוואָרן, האָט מען אונטער׳ן קישן געפונען אַזאַ קוויטל:

„מײַן רצון איז, אַז די קינדער זאָלן בלײַבן בײַם וואַלד בשותפות.

„נאָך מײַן פּטירה זאָלן זײ לאָזן מאַכן אַ צוים צום בית-עלמין און פאַררייכטן דעם דאַך פון שול.“

„די ספרים זאָל נעמען בני בנימין החתן שיחיה. די זין מיט ד אײדימס האָבן געקריגן ספרים צו דער חתונה.“

„זוגתי תחיה זאָל בלײַבן אין דער דירה באַזונדער; זאָל זי זיך צונעמען אַן אָרימע יתומה — זי זאָל נישט זײַן אַלײן. זי זאָל זיך אַלײן מאַכן קידוש און הבדלה.“

„אַ חלק זאָל זי האָבן מיט אַלע יורשים.“

„אַ חוץ דעם...“

מער האָט מען נישט געקענט לעזן; דאָס קוויטל איז אַ פּניב פײַכטערהײט געלײגט געוואָרן אונטער׳ן קישן, און די אותיות האָבן זיך אָפּגעמעקט.

## 2.

ר׳ בנימין, ר׳ אליעזר־חײַקלס זון, האָט שוין מער געשריבן:

„היות, עס איז געקומען די צײַט, און איך װעל בקרוב זוכה זײַן אָפּצוגעבן דאָס פּיקדון ד ע ם, װאָס אַלע פּקדונות זענען זײַן״.

„און אַ מענש שרעקט זיך פאַר זײַן ליבן נאָמען און פאַר זײַן משפּט, נאָר גײען גײ איך פון דער װעלט אָן אומעט, חלילה, נאָר מיט גרויס ביטחון אין אל רחום וחנון, אַז ער װעט מיט מיר טאָן לפנים משורת הדין און לויט זײַן גרויס רחמנות.״

„און איך װײס, אַז דאָס פּיקדון איז איבער דער צײַט בײַ מיר פאַרפלעקט געװאָרן, קאַליע געװאָרן...״

מיר היפּערן איבער דעם חשבון־הנפש און דאָס מוסר פאַר די קינדער און לעזן װײַטער:

„און די פּים װערן מיר אָפּגעקילט, און דער מוח װערט װאָס אַמאָל מער מבולבל, און נעכטן האָט זיך מיר געטראָפן אַ װאונדער־לאַכע זאַך, אַז בשעת׳ן לערנען בין איך אײַנגעדרימלט געװאָרן, און עס האָט זיך מיר עפּעס גע׳חלומ׳ט, און דאָס ספר איז מיר אַרויס געפאַלן פון דער האַנט, און איך האָב מיך אויפגעכאַפּט און האָב תיכף פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט פּראָסט; אַז מען רופט...״

„און דאָס, װאָס איז באמת מ י י ן געװען אויף ד ע ר װעלט, דאָס לאָז איך נאָר איבער אויף אַ צײַט; דאָס װעט מיר נאָכקומען איבער הונדערט און צװאַנציק יאָר; מיט דעם װעל איך זיך זוכה זײַן צו זען בזיו השכינה הקדושה — אָמן, כן יהי רצון!״

„און װאָס עס װעט מיר נישט נאָכקומען, דאָס איז קײנמאָל נישט מײַן געװען, און א י י ן גאָט װײסט, אַז איך לאָז עס איבער אָן אַ שום עגמת־נפש.״

„און אויף מײַן עשירות, לאָז איך קײן צװאה נישט איבער; איך בין בטוח, אַז בני ביתי שיחיו, אָדער זײ װעלן לעבן בשלום ובשלוה צוזאַמען, אָדער זײ װעלן זיך צעטײלן על פּי דין ועל פּי יושר, און אײנער פאַר׳ן אַנדערן װעט, חס ושלום, נישט מעלים זײַן.״

„און איך פאַרלאַנג, אַז בני ביתי, היינו: אשתי תחי׳ ובני וחתני שיחיו, זאָלן מפריש זײַן צװײ מאָל מעשר. הײַנו: תיכף נאָך מײַן

פּטירה זאָלן זײ מאַכן אַ חשבון צדק פון דער נחלה און מטלטלים וכלי בית, און אַזוי כלים, און אַלע שטרות, און חובות בעל־פּה וכו און זאָלן אַראָפּגעבן מעשר ראשון על חשבוני לתיקון נשמתי און צעטײלן אָרימעלײַט.״

„דערנאָך זאָלן זײ פון דער רעשט, דאָס הײסט — שוין פון דער ירושה, געבן מעשר שני פאַר זיך; אַזוי ווי מײַן מנהג איז געווען צו געבן מעשר פון ריוח; גם כן — פאַר אָרימעלײַט.״

„און צו יעדן פון בײדע מעשרות זאָלן זײ מוסיף זײַן אַ שליש למאה; טאָמער האָבן זײ זיך טועה געווען אין חשבון.״

„און די בײדע מעשרות זאָלן זײ געבן צדקה פאַר פ ר ע מ ד ע אָרימעלײַט כנ״ל און נישט פאַר קרובים.״

„פאַר אָרימע קרובים וועלן זײ אַלײן וויסן, וויפיל צו געבן, אָבער נישט פון דער צדקה, ווײַל פון צדקה דאַרף מען נישט נהנה זײַן, און אַז מען גיט נאָנטע קרובים, איז גלײַך, ווי מען וואָלט געגעבן ז י ך.״

„און אויף מײַן מצבה זאָל מען מער נישט אויסקריצן, נאָר דעם נאָמען ושם אבא ז״ל ויום הפּטירה און נישט מער.״

„און איך בעט זײער מײַנע זין מיט די אײדימס, זײ זאָלן זיך נישט אין גאַנצן אַרײַנטאָן אין׳ם הבל, נישט וועלן זײַן ד ו ו ק א גרויסע סוחרים. ווײַל וואָס גרעסער דער סוחר, אַלץ קלענער דער איד. און זײ זאָלן זיך נישט זוכן קײַן געשעפטן פון דער ווײַט, און נישט פאַרשפּרײטן דאָס ביסל געלט אויף ארבע רוחות העולם, ווײַל וואו גאָט וויל, דאָרט העלפט ער, און די ברכה קען אַרײַנקומען אין קלײנע, ווי אין גרויסע מסחרים.״

„דער עיקר באַשווער איך דעריבער בני יקירי מהור״ר יחיאל, ווײַל איך האָב געזען, אַז ער האָט גרויס תאוה צו גביר׳ישקײַט וד״ל.״

„און איך בעט זײער, אַז מײַנע קינדער זאָלן האַלטן דעם מנהג און אָפּטײלן יעדעס יאָר פאַר ראש־השנה פונ׳ם גאַנצן ריוח מעשר פאַר אָרימע לײַט. און אַז עס וועט אַמאָל, חס־ושלום, קײַן ריוח נישט זײַן, און אַז עס וועט אַמאָל זײַן, חס ושלום, אפילו היזק, זאָלן זײ אויך טײלן צדקה, ווײַל עס וועט אוודאי זײַן אַ ניסיון פון זײַן ליבן נאָמען״.

„דער עיקר בעט איך זייער, זיי זאָלן לערנען טאָג-בײַ-טאָג לכל הפחות אַ בלאַט גמרא, און על כל פנים איין עמוד ראשית-חכמה.“

„די נשים זאָלן לייענען „קב-הישר“ אויף עברי-טײַטש אַ חוץ „צאינה-וראינה“ שבת און יום-טוב.“

„און אינ׳ם טאָג פון דער יאָר-צײַט זאָל מען עוסק זײַן בתורה אַ גאַנצן טאָג, די נשים זאָלן געבן צדקה; דער עיקר — מתן בסתר.“

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

.3

אַז מאָריץ בענדיטזאָן (בנימינ׳ס אַ זון) איז געשטאָרבן, האָט מען געפונען אַ צעטל אויף פויליש:

„מען זאָל שיקן אַ טעלעגראַמע קײַן פאַריז און וואַרטן מיט דער קבורה, ביז דער זון וועט קומען.“

„צען טויזנט גיב איך אַ קרן-קימת אין „דאָזאָר“ אַרײַן; דאָס פּראָצענט זאָל מען צעטיילן יעדע יאָר-צײַט אָרימעלײַט.“

„צען טויזנט לאָז איך אויף אַ בעט אין נײַען שפּיטאָל, מיט דעם תנאי: דאָס בעט זאָל אָנגערופן ווערן אויף מײַן נאָמען.“

„בשעת לויה זאָל מען טיילן צדקה.“

„מען זאָל שיקן נדבות אין אַלע תלמוד-תורה׳ס אַרײַן; די מלמדים מיט די קינדער זאָלן גיין נאָך דער לויה.“

„מען זאָל דינגען אַ דין, אָדער אַזוי אַ למדן, ער זאָל זאָגן נאָך מיר קדיש.“

„די מצבה, לויט דעם מאָדעל, וואָס איך לאָז איבער, זאָל מען באַשטעלן אין אויסלאַנד.“

„מען זאָל איבערלאָזן אין דאָזאָר-שטוב אַ געוויסע סומע געלט, דער דאָזאָר זאָל נעמען אויף זיך אויפצוהאַלטן דעם קבר מיט דער מצבה.“

„דאָס געשעפט זאָל הייסן: „מאָריץ בענדיטזאָן — זײַן זון.“

„און וואָס עס באַטרעפט...“

מיר לאָזן איבער די רשימה פון פאַרמעגן און דעם חשבון פון די חובות צום אָפּנעמען, ווי אויך די עצות טובות, ווי אַזוי דאָס געשעפט ווײַטער צו פירן.

---

## 4.

„איך, „מאַריץ בענדיטזאָן — זון", גיי אַוועק פון דער וועלט נישט פאַר נחת, נישט פאַר עגמת-נפש, נאָר פון לערקײַט."

„אַ גרויסער חכם איז געווען אַריסטאָטעל: די נאַטור האָט פײַנט לערקײַט."

„אַ שרעקלאַכע מאַשין איז די וועלט. יעדעס רעדל האָט זײַן באַזונדערע אַרבעט, זײַן באַזונדערן צוועק. ווערט אַ רעדל פאַרדאָרבן, אָדער עס האָט אָפּגעאַרבעט זײַנס פאַר דער צײַט, גייט עס אַליין אַרויס פון דער מאַשין, גייט עס אַריבער פון גאָר אין גאָר-נישט..."

„איך קען לענגער נישט לעבן, ווײַל איך האָב דאָ נישט וואָס צו טאָן. איך טויג צו גאָר נישט, ווײַל איך האָב מײַנס אָפּגעלעבט. איך האָב אויסגעטרונקען דעם גאַנצן נחת, וואָס מיר איז באַשערט געווען, אויפגעגעסן און אויסגעקושט אַלץ, וואָס איך האָב געדאַרפט.

„מען האָט מיך אַ סך געלערנט, נאָר לעבן און נישט אײַנשלינגען דאָס לעבן האָט מען מיך נישט געלערנט."

„איך האָב קיין זאַך אויף דער וועלט, וואָס זאָל מיך אײַנהאַלטן, צובינדן צו איר... עס האָט מיר קיין זאַך נישט געפעלט, עס זאָל האָבן בײַ מיר אַ ווערט. איך האָב אַלץ גענומען אָן זאָרג, אָן עגמת-נפש, אָן אַרבעט, — ווי פון אַ הפקר גענומען... אַזוי זאַכן, אַזוי מענשן".

„אַלע האָבן מיר צוגעשמייכלט, און איך האָב קיין איינציקן פרײַנד נישט געהאַט".

„אַ פאַרמעגן האָב איך גע׳ירש׳נט, און עס האָט געוואַקסן און געמערט זיך אָן מיר, אָן מײַן ווילן."

„עס האָט געוואַקסן ביז עס האָט מיך איבערגעוואַקסן."

„אָפּט האָט געווײַנט אין מיר דאָס האַרץ: זאָל מיר עפּעס פעלן, לאָז מיך עפּעס מ ו ז ן טאָן; און די דאָקטוירים האָבן מיר פאַרגעשריבן שפּאַצירן, שפּילערײַען, ספּאָרט... נישט קײַן לעבן, נאָר א סוראָגאַט פון לעבן, א געפעלשט לעבן, געפעלשטע אַרבעט..."

„און לענדער א סך האָב איך געזען, און קײַן אײנציק לאַנד איז נישט מ י י ן געווען; א סך ערטער האָב איך באַוואונדערט און האָב קײַן אײנציק אָרט נישט געליבט..."

„און א סך שפּראַכן האָב איך געלײַפיק גערעדט, נאָר איך האָב קײַן אײנציקע נישט געפילט — איך האָב מיט די ווערטער, ווי מיט באַלן, געשפּילט."

„פעלקער און שפּראַכן האָב איך ווי האַנטשוּ געטוישט..."

„די גאַנצע וועלט איז געווען מײַן, נאָר איך בין צו קלײן געווען, איך זאָל זי צוהאַלטן; צו קורצע הענט געהאַט, איך זאָל זי אַרומנעמען; קײַן וועלט באַהערשן האָב איך נישט געקענט..."

„און וואָס איך וואָלט געקענט באַהערשן, דאָס האָב איך שוין גרײַט געפונען, דאָס האָט מען שוין איבערגעלאָזט..."

„אַלץ איז פאַר מײַנעטוועגן געטאָן געוואָרן, אַלץ האָט מען מיר אָפּגעקויפט; אויב עס איז נאָך עפּעס געבליבן, האָט דאָס פאַרמעגן געמאַכט."

„אַלץ — דער שמײכל אויפן פרײַנדס פּנים, דער קוש פון רויטע ליפּן... דער קדיש נאָכן טאַטן... העכסטנס האָב איך נאָך עפּעס אויסגעצאָלט; נאָר געבן, שענקען, — דאָס האָט מען מיך נישט געלערנט..."

„און דאָס קלײנע איז מיר געוואָרן צו קלײן, און דאָס גרויסע — צו גרויס, — און נאָך וואָס צו לעבן איז נישט געווען..."

„איך שטאַרב, ווײַל איך בין אַן עקר, אַזוי מיטן גוף, אַזוי מיט דער נשמה; איך האָב אין מיר גאָרנישט, וואָס זאָל לעבן און לעבעדיק מאַכן... איך לעב שוין לאַנג נישט; איך האָב שוין לאַנג קײַן הנאה נישט פון לעבן; אַצינד איז עס מיר נאָך נמאס געוואָרן."

„מען האָט זיך מיט מיר אויפגעפירט, ווי א פויער — מיט א חזיר; מען האָט מיך געשטאָפּט... נאָר דער פויער, אַז דאָס חזיר

ווערט פעט, קווילעט ער עס; מיר הײַסט מען, איך זאָל זיך אַלײַן קווילן; און איך האָב די העזה נישט — נישט צו פאָלגן..."

„דער אַרשעניק שטײַט אויפ'ן טיש; דער לעצטער טראַנק, וואָס וועט מיך אָנ'שיכור'ן און איך וועל מיך שוין נישט אויסניכטערן".

„זאָל איך עפּעס אָנזאָגן וועגן מײַן פאַרמעגן? נאָך וואָס? עס איז מײַן אומגליק געוועזן..."

„האָב איך נישט עמיצן צו דאַנקען?"

„נײַן — איך האָב אַלע פאַר אַלעם באַצאָלט..."

„פאַר'ן לעצטן געטראַנק אויך."

---

# וואָס אַמאָל ווייניקער.

(יוהנן מלמד'ס אַ מעשה'לע.)

זאָגט יוחנן המלמד: אַז די משכילים האָבן נישט געלאַכט און אַנשי שלומנו האָט נישט פאַרדראָסן פאַר מײַן ערשטער מעשה, איז אַ סימן, אַז איך בין גערעכט; אַז עס איז, ווי איך זאָג. אַז די גאַנצע נפקא מינה צווישן אַ משכיל און אַ חסיד איז הײַנטיקע צײַטן נישט מער ווי אינ'ם נאָמען. אַי וואָס, חברה שלאָגט זיך, מאַכט קולי-קולות, איז עס אויך נישט מער ווי צוליב דעם נאָמען...

און אויב אַזוי, וואָס שווײַג איך?

די בין, וואָס נאָגט זאַפט פון גראָזן און בלומען, גיט האָניק; און איך, וואָס האָב מיך אין לעבן אַ סך אָנגעזען, בין מחויב צו פאַרצײַלן.

און איך וויל אײַך דערצײַלן, וואָס איך האָב מיך דערמאָנט בשעת'ן קנעלן...

געקומען דערצו בין איך דורך מײַן תלמיד איציקל, וואָס האָט ליב צו האָבן מיט מיר וויכוחים. אַז איך פאַרשווײַג אים, מחמת ביטול תורה, מײנט איציקל, אַז איך בין אים מודה! זאָל אים השם יתברך העלפן...

און דער בחור איציקל האַלט פון הײַנטיקע צײַטן...

— אַ שפּאַס, — זאָגט ער, — אַ וועלט! סאַמע מאַשינעס (דער פֿאָטער זיינער האָט אַ פֿאַבריק), אַלץ גייט אויף פּאַרע און עלעקטרע; דאָס זענען — זאָגט ער — אונזערע משרתים: זיי מאָלן אונז מעל, באַקן ברויט, מאַכן זייף, פירן איבער פון איין עק וועלט צו דער צווייטער, ריין קפיצת הדרך!...

און ער איז בטוח, אַז די בעלי־המצאות וועלן נאָך כאַפּן אַמאָל די ווינטן און וועלן זיי איינשפּאַנען צום וואַרשטאַט; מען וועט נאָך צוזאַמענגעמען די שטראַלן פון דער זון און הייסן זיי, למשל, שטיוול פּוצן! און דער עיקר — מען וועט נאָך אַמאָל אויף באַלאָנען פליען אין דער לופט, ווי מלאכי השרת, להבדיל...

מילא, בנוגע צו דער מלאכה, צו די מאַשינעס, איז נאָך צו דער־לײַדן... איין דור ירש׳נט המצאות פון צווייטן — ווערט, וואָס שפּעטער, מער המצאות; דאָס קינד אויפ׳ן פאָטערס אַקסל איז העכער פאַר׳ן פאָטער...

מײַן תלמיד איציקל זאָגט אָבער, אַז בכלל דער מענש ווערט וואָס אַמאָל קליגער, פײַנער; הן אין דעות, הן אין מידות טובות...

וואָס אַ יאָר — זאָגט ער — וואַקסט מען מיט אַ קאָפּ אין דער הייך.

אפשר קומט עס דערפון, וואָס מײַן תלמיד, איציקל, איז בטבע אַ בעל־מזג־טוב און אגב — איז ער טאַקע צופרידן פון דער וועלט!

דער שלום — זאָגט ער — פאַרשפּרייט זיך אין אַלע לענדער; מידת הרחמים וואַקסט פון טאָג צו טאָג (מען גיט גוזמות צדקה; דער טאַטע זײַנער, דער גביר, גיט אויך אַ סך!), און באַלד, באַלד — זאָגט ער — וועט מקוים ווערן ישעיה הנביא׳ס ווערטער: וגר זאב עם כבש, — עס וועט וואוינען אַ וואָלף צוזאַמען מיט אַ שעפּעלע, און ווי ווײַטער שטייט...

און אָט אין דעם בין איך מסופּק!...

איך דערמאָן זיך אָן שלמה המלכ׳ס שאלה: ווער ווייסט? צו שטײַגט דער גײַסט פון מענש אַרויף?... וואָרים ווייסן ווייס איך, אַז עס איז פאַראַן אומריין וואַסער, וואָס פליסט אין זאַמד, און פליסנדיק,

ווערט עס וואָס אַמאָל ריינער, ווייל עס לאָזט איבער דאָס אומריינקייט אין זאַמד; צום סוף קען מען אפשר דאָס גאָר טרינקען! עס איז אָבער אויך פאַראַן קוואַל־וואַסער, וואָס פליסט פון אַ פעלז, גאָר פון אַ ריין, גאָר פון אַ הויך אָרט, נאָר עס פליסט איבער אַ מושב, און וואָס וויטער עס גייט, שמוציקער ווערט עס, סם ווערט עס!

צו וועלכן וואַסער זענען מיר גלייך?

איך זיץ און טראַכט, און עס שטעלן זיך מיר פאַר די אויגן: ר׳ זישעלע, זכר צדיק לברכה — דער באַוואוסטער גאון עולם, וואָס איז געזעסן אַ יאָר צוואַנציק על כסא הרבנות אין זאַמאָשטש, און דער זון זיינער ר׳ יחיאל, עליו השלום, אַ איד אַ גביר, וואָס מען האָט מיט׳ן געטאָן אַ שידוך מיט אַ לובלינער גביר, און ער איז דאָרט געזעסן על התורה ועל העבודה, און וואָס זיינע צדקות ומעשים טובים האָבן גע׳שמ׳ט אויף דער וועלט!

און אַ דריטער, אויך נישט מיט דער האַנט אָוועקצומאַכן, ר׳ יחיאל, עליו השלומ׳ס אַ זון, דעם גאונ׳ס — ר׳ זישעלעס אַן איניקל, להבדיל בין החיים והמתים, הגביר הנכבד ר׳ יוסף, איציקלס, מיין תלמיד׳ס, פאָטער, וואָס וואוינט דאָ אין וואַרשע, האָט אַ גרויסע פאַבריק און איז אַן איש מכובד אין דער גאַנצער שטאָט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

לאָמיר צוריקגיין צו ר׳ זישעלען.

עס איז ידוע לכל, אַז ר׳ זישעלע איז געווען איינער פון די גדולי הדור!...

אינגלווייז האָט ער געלערנט ביים ליסער רב, — גאָר אַ פאַרצייטישער גאון! דער ליסער רב האָט פון אים געהאַלטן עולם ומלואו; ער דערמאָנט אים אין אַ תשובה, וואו ער שרייבט מיט דעם לשון: און מיין תלמיד מובהק, כמ״ר זישע, האָט פאַר מיר געלערנט די סוגיא, און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אינ׳ם טיפן וואַסער, און האָט אַרויסגעבראַכט אַ טייערן פערל. און בטוח בין איך, אַז ער וועט זיין אַ גדול בישראל״.

און אַזוי איז טאַקע געווען!

ר׳ זישעלע איז געוועזן, ווי מען זאָגט, אַ גרייענדיקע שאַנק מיט ספרים, — אַ גרייזלאַכער זיכרון, אַ קלאָרער שכל, — אַ גאון מיט אַלע מעלות.

און פאַר וואָס דען האָט מען אים גערופן: ר׳ זישעלע, פאַר וואָס נישט ר׳ זישע?

ע ר ש ט נ ס — פאַר גרוים ליבשאַפט:

ער איז אַ גרויסער ענו געוועזן, אַ גרויסער מרוצה לבריות... אַ לייב אין תורה ועבודה, אין קהל-זאַכן; נישט געקוקט אויף בעלי-בתים תקיפים, אויף גבירים גרויסע... און געשטעלט אויף זיך; ביי׳ן אַ הפסד מרובה האָט ער אַפילו אויף אַ קדמון אַ מחמיר נישט געקוקט. קוים איז געגאַנגען אין אידיש געלט, פלעגט ער זאָגן: דער קדמון איז געוועזן רב אין זיין צייט און אין זיין שטאָט, און איך בין מרא דאַתרא אין מיין צייט און אין מיין שטאָט.

און דער אייגענער ר׳ זישעלע האָט געפירט זיין רבנות — די קהילה מיט דייטשן, בעלי-בתים, אַלערליי כיתות חסידים און בעלי-מלאכות, טאַקע ווי אַ גוטער פאַסטוך פירט די שאָף...

פאַר אים האָבן אַלע מורא געהאַט, קיין הויך וואָרט נישט גערעדט!

ער האָט נאָר געדאַרפט זאָגן: איך מיין אַזוי און אַזוי...

און עס איז געגנוג געוועזן!

וואָרים, אַז ניט, „וועט ר׳ זישעלען פאַרדריסן!“—און ר׳ זישעלען זאָל נישט פאַרדריסן, וועט דער, וואָס האַלט די פאַכט, נישט הייבן דעם מקח פון פלייש.

ר׳ זישעלען זאָל נישט פאַרדריסן, וועט דער וואָכערניק נישט פאַרקויפן דעם אביונ׳ס משכון...

ר׳ זישעלען זאָל נישט פאַרדריסן, וועט די חברה קדישא נישט באַלייידיקן די נושאים, און די חברה נושאים וועלן זיך ניט שטעלן קעגן די גבאים פון חברה קדישא... עס וועלן זיך אַפילו די חסידים קיין באַזונדערן שוחט נישט אויפנעמען!

און ווען אַלע ציטערן פאַר ר׳ זישען, וואָס איז שטיל ווי אַ טויב, ציטערט ער נישט מער — פאַר חמץ בפסח!

אַ גאַנץ יאָר איז כוחא דהיתרא עדיף... כשר און כשר; בייַ הפסד מרובה — אַוודאי כשר!

און פסח — אַלץ טרפה! טרפה און טרפה; אָסור באַכילה, אָסור בהנאה, מען צעברעכט די כלים — סכנת נפשות!

און פאַר וואָס שרעקט ער זיך! פאַר דער „משהו“ שרעקט ער זיך! אַ קלייניקייט, זאָגט ער: אַ משהו! און וואָס קומט? כרת! דער עונש איז: „הכרת תכרת הנפש ההיא מעמיה!“

און ער זאָגט: בעסער אַלע מדורות פון גיהנום, — דאָס נעם איך אויף מיר פאַר אַ אידישן גראָשן, איידער כרת, אַרויס פון כלל ישראל!

אַ טיפער ענין!

דאָס איז ערשטנס...

און צווייטנס רופט מען אים ר׳ זישעלע, ווייל ער איז געווען גאָר קליין-געוויקסיק.

די גרויסע נשמה האָט געשטעקט אין אַ גוף, וואָס האָט געקענט שפּאַצירן אונטער׳ן טיש!

אַז ר׳ זישעלע זיצט אויבן אָן אויף אַן אַסיפה פון די בעלי-בתים, זעט מען אים נישט אַרויס; כאָטש אַ ספּאָדיק האָט ער געטראָגן אַ הויכן...

אַז אַ בעל-הבית פאַרשפּעטיקט זיך, פרעגט ער: „שוין דאָ אונזער ר׳ זישעלע?“ — אומקוקן זיך העלפט נישט.

פאַר דאָס אָבער, אַז ער זעט, אַז עס איז שטיל, אַז דער עולם האַלט די קעפּ אָן אַ זייַט און הערט זיך איין, ווייסט ער שוין, אַז ר׳ זישעלע איז דאָ.

שמייכלט ער, דער בעל-הבית, און טראַכט: „עס שיטן זיך שוין פּערל פון ר׳ זישעלעס מויל... דער עולם שווייַגט און שלינגט זייַנע ווערטער... לעבן זאָל ער, ר׳ זישעלע!“

דער עיקר האָט ר׳ זישעלע זיך צוגעלאָזט צו קינדער; ער האָט זייער ליב געהאַט קינדער.

דער יונגער עולם אין בית-המדרש האָט עס געוואוסט, און קוים האָט זיך ר׳ זישעלע געוויזן אין בית-המדרש אַרייַן, פאַר יום-כפור-קטן, צו פאַר אַן אספה, פלעגט אים חברה אַרומרינגלען פון אַלע זייַטן,

מיט אַפענע גמרות, מיט אַלערליי שאלות פון דער סוגיא, פון יענער סוגיא, פון אַ רמב"ם. און ער פלעגט שמייכלען, יעדן ענטפערן מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן, מיט שמחה און ליבשאַפט אין די קינדישע אויגן, וואָס ער האָט געהאַט עד יום פּטירתו, און אין זיין זיס קול׳כל, וואָס האָט געקלונגען, ווי אַ זילבערן גלעקל!

נאָר אַרויסגעזען פון צווישן דעם קליינעם עולם האָט מען אים נישט!

איינמאָל האָט זיך געטראָפן אַ מעשה. שעבערשין — דריי מייל פון זאַמאָשטש — האָט זיך אַראָפּגעברענגט אַ נייעם רב, פון ערגעץ פון דער פרעמד; ער האָט ר׳ זישעלען פון פּנים נישט געקענט, און באַלד נאָכ׳ן ערשטן שבת, נאָך דער ערשטער דרשה, איז ער געקומען קיין זאַמאָשטש צו ר׳ זישעלען...

טרעפט ער אים נישט אין דער היים, גייט ער דערווייל אין בית-המדרש אַריין; וואו דען זאָל גיין אַ שעבערשינער רב?

זעט ער אַ רעדל אינגלאַך, און איינער אין דער מיט קלינגט מיט׳ן קול איבער׳ן גאַנצן בית-המדרש און ענטפערט אַלע תוך-כדי-דבור, כלאחר-יד...

גייט ער צו; ווערט ער נבהל ומשתומם און פרעגט: וואָס איז עם דעם אינגל געשען, וואָס ער איז גראָ געוואָרן ווי אַ טויב?

מוסף ראש-השנה פלעגט ר׳ זישעלע דאַוונען פאַר׳ן עמוד אין שול. אין שול פאַר׳ן עמוד איז דאָך טיפער: „ממעמקים קראתיך יה"; זעט מען דאָך ר׳ זישעלען אַוודאי און אַוודאי נישט אַרויס... דער עולם וויל דאָך אָבער זען, ווי זיין קליין זים קעפּל הוידעט זיך. און דער עולם שווערט זיך נאָך, אַז אין די תנועות פון זיין קעפּל צוזאַמען מיט זיינע זיסע ניגונים׳לאַך, פּאַרטייטשן זיי אַלע תפילות... שטייען זיי טאַקע גאַנץ מוסף אויף די נעגל; אַנדערע שפּרינגען אַרויף אויף די בענק!

און אַ שונא-בצע איז ער געווען אַן אויסטערלישער...

כמעט יעדעס יאָר קומען שלוחים פון די גרעסטע שטעט און בעטן זיך, ר׳ זישעלע זאָל אָננעמען דאָרט דאָס רבנות!

מען וויל ר׳ זישעלען אָפּגילטן.

ער וויל נישט הערן און געדענקען...

און ער מאַכט זיך אַ הלצה׳לע: איך האָב עמיצן — זאָגט ער — חס ושלום, גע׳הרג׳עט, איך זאָל דאַרפן זײַן נע־ונד?!

בעט זיך בײַ אים די שטאָט: רבי זישעלע קרוין, רבי לעבן, לאָזט אײַך כאָטש מוסיף זײַן אויף די שכירות...

בײַזערט ער זיך: וואָס ווילט איר מאַכן פון מיר אַ פרעסער אויף דער עלטער? זאָט בין איך אַזוי אויך!

און וויפיל נעמט ר׳ זישעלע שכירות? פופציק פוילישע גולדן אַ וואָך!

און קײַן רח״ש נעמט ער נישט.

ר׳ זישעלע זאָגט, אַז ער איז אַ רב, נישט קײַן מקבל!

פסק־געלט גיט ער אַוועק די דיינים.

זײַן תורה — זאָגט ער — פאַרקויפט ער נישט; אפילו זײַן שכל הישר בײַ׳ן אַ פשר האָט ער אויך נישט צו פאַרקויפן...

יום־טוב־געלט — פאַרשענקט ער די שמשים.

דאָ זוכט ער שוין קײַן תירוץ נישט; גלאַט — אָרימע אידן!

שלח־מנות ווײַטער טוישט ער... וואָס ער באַקומט פון רײַכע, שיקט ער אָפּ אביונים; פון די אביונים, וואָס ער באַקומט, שיקט ער אָפּ די רײַכע. און ער עסט, וואָס די רבי׳צן באַקט...

„אדם רוצה בקב שלו!“

נאָר דאָס אַלץ האָב איך אײַך פאַרצײַלט אַגב אורחא... אַז מען דערמאָנט ר׳ זישעלען, מוז מען כאָטש אַ ביסל פאַרצײַלן!

דער עיקר איז דער מנהג, וואָס ר׳ זישעלע האָט געהאַט.

עס פלעגט זיך אים טרעפן אַרויסצוגײַן דער לעצטער פון שטוב און צו פאַרשליסן די טיר. זעענדיק, אַז די טיר איז אַלט, דער שלאָס נישט אינגער, און אַז מיט אַ ליאַדע קלאַפּ צעברעכט מען בײַדע, טראַכט ער, אַז עס איז אים לײַכט צו באַ׳גנב׳ענען, און —

— רוב גנבי ישראל נינהו! — זיפצט ער.

און ר׳ זישעלע וויל נישט, אַ איד זאָל, חס ושלום, נכשל ווערן דורך דעם, וואָס ער פאַרגעסט צו פאַרריכטן די טיר...

וואָס טוט ר׳ זישעלע?

זאָגט ער:

— ריבונו של עולם, זײַ דו מײַן עדות, אַז איך בין מפקיר, אַז איך ציִ אויס פון מײַן רשות מײַן גאַנץ האָב און גאָב, הן מטלטלין פון שטוב, הן באַרעס געלט, וואָס איך ווייס, און וואָס איך ווייס נישט.

און אַז ער איז צוריק אַהיים געקומען, האָט ער זוכה געווען מן ההפקר!

---

איך האָב מאריך געווען בײַ ר׳ זישעלען, זכרונו לברכה, וועל איך שוין בײַ זײַן זון מיט׳ן איניקל מקצר זײַן...

ווי אויבן איז געשטאַנען, האָט ר׳ זישעלע געטאָן מיט ר׳ יחיאל׳ן אַ שידוך פון לובלין. אַ צײַט לאַנג האָט ר׳ יחיאל געגעסן קעסט, דערנאָך איז ער געוואָרן אַ בעל־הבית פאַר זיך. אַן עושר במזומן איז ער געווען, כל ימיו האָט ער זיך מפרנס געווען פון פּראָצענט און איז זיך געזעסן על התורה ועל העבודה און האָט עוסק געווען אין מצוות ומעשים־טובים.

קײַן וואָכערניק, פאַרשטייט זיך, איז ער נישט געווען...

און איין מידה האָט ער גע׳ירש׳נט פון פאָטער ר׳ זישעלע — נישט מבייש צו זײַן קײַן שום בן־אדם! און — עניוות!

ר׳ יחיאל מישט זיך שטאַרק אין קהל־זאַכן, נאָר קײַן התמנות נעמט ער בשום אופן נישט אָן; ער איז קײַן דאָזאָרצע, קײַן גבאי נישט, גאָר נישט!

צדקה הייסט בײַ אים נאָר מתן בסתר...

ער גייט ווינטער גאַנץ פרי אין גאַס אַרײַן; זעט ער פויערן פיון האָלץ (פון שטיין־קוילן האָט מען נאָך דעמאָלט נישט גע־וואוסט), — קויפט ער אַ פורל האָלץ, צוויי, דרײַ פורלאַך האָלץ, און זאָגט דעם פויער, וואו ער זאָל אָפּפירן... ער ווייסט שוין, וואו אַ געפרוירענער קבצן וואוינט! ער פלעגט פאַר יעדן יום־טוב אָפּשיקן נדבות מיט דער פּאָסט — אַ ספרא־רבא איז ער געווען, — נאָר די אַדרעסן פלעגט ער שרײַבן מיט דער לינקער האַנט, מען זאָל זײַן כתב־יד נישט דערקענען, ווײַל ער פלעגט אַמאָל שרײַבן צו גרויסע שררות וועגן אידישע זאַכן...

דערפון האָט זיך געמאַכט אַ מאמר, אַז די נדבות דורך דער פּאָסט שיקט אַ באַהאַלטענער בעל־תשובה, וואָס האָט אַוודאי עמיצן באַ׳גזל׳ט און קען די גזלה נישט אָפּגעבן... ערשט נאָך ר׳ יחיאל׳ס פּטירה, איז מען געוואָר געוואָרן, ווער דער „גזלן״ איז געווען...

און אויסער אין חברה־פּושקעס אַרײַן, פלעגט ער מיד־ליד קײַן נדבה נישט צו געבן... אַלץ געבאָרגט, — כשר׳ע הלואה הײַסט עס! „ווען גאָט וועט העלפן, וועסטו אָפּגעבן, מיט אַמאָל, בּיסלאַכווײַז; מיר, אָדער פאַר מיר אַן אַנדערן נויטבאַדערפטיקן״...

און אײַנמאָל האָט זיך פּאַסירט אַזאַ מעשה: ר׳ יחיאל קומט אַהיים פון גאַס און טרעפט עמיצן בײַ זיך אין שטוב. יענער האָט דערזען און איז געבליבן ווײַס ווי קאַלך.

ר׳ יחיאל קוקט, פון אונטער׳ן אידס פּאָלע שטאַרט עפּעס בולט אַרויס.

אין אידס פּנים האָט ר׳ יחיאל דערקענט, אַז ער האָט פאַר זיך קײַן פּשוט׳ן גנב נישט... ער שטויסט זיך באַלד, אַז עס איז אַן עני הגון, אַז ער איז געקומען עפּעס בעטן, און אַז ער האָט קײנעם נישט געטראָפן, איז ער נישט עומד געווען בניסיון, האָט אים דער יצר־הרע גובר געווען...

גייט ער צו׳ן עם צו גאַנץ פרײַנטלאַך און זאָגט מיט אַ שמייכעלע:

— איר האָט אַוודאי געוואָלט לײַען אויף אַ משכון? ווײַזט נאָר דעם משכון...

דעם אָרימאַן קלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.

— וואָס איז די חרפה? — פרעגט ר׳ יחיאל געלאַסן. — דאָס מזל דרייט זיך ווי אַ רעדל, געלט איז קײַלאַכדיק! הײַנט באָרגט איר בײַ מיר, מאָרגן איך בײַ אײַך...

און אַזוי רעדנדיק, נעמט ער אים אַפּער פון אונטער דער פּאָלע זײַן אײגענע פּאָר זילבערנע לײַכטער!

און ר׳ יחיאל שטעלט זיי געלאַסן אַנידער פאַר זיך אויפ׳ן טיש, גלײַך ער זעט זיי באמת דאָס ערשטע מאָל, און וויל אָפּשאַצן וויפיל ער מעג אויף זיי באָרגן.

דער איד, נעבאַך, ווייל דערוויַיל אַנטלויפן, זענען אים אָבער די פּיס ווי צוגעשמידט!

— הכלל, ר׳ קרוב, — פרעגט ר׳ יחיאל, — וויפיל ווילט איר באָרגן?

און דער איד קען, נעבאַך, נישט די צונג איבערדרייען.

— איר זענט, ר׳ קרוב, אַ גרויסער בושת־פּנים... נו, וואָס קען מען מאַכן? „אתה פּתח לו״ שטייט, וועל איך פאַר אייַך רעדן:

עס גייט צו פּסח. הערט, צי איך בין מיך נישט טועה — איך בין שטאַרק מסופּק, צי איר האָט אויף מצות... נו, שאָקלט מיט׳ן קאָפּ: יאָ צי ניין!

יענער, נעבאַך, שאָקלט אויף ניין.

— וואָס דען! מען דאַרף דערצו קיין נביא נישט זיין! דאָס פּנים אייַערס מסר׳ט! נאָר — איר האָט אפשר נאָך אַ טאָכטער צו פאַר׳קנס׳ן? יאָ?

נו, שאָקלט מיט׳ן קאָפּ — יאָ צי ניין?

דעם אָרימן איד האָבן זיך שוין אָבער געעפנט די קוואַלן פון די אויגן; ער האָט זיך שטאַרק צעוויינט.

— נאַרישער מענש! — מאַכט ר׳ יחיאל. — וואָס וויינט איר? איך האָב דאָך אייַך געזאָגט, גלגל חוזר!

דער איד קען זיך אָבער נישט איינהאַלטן; ווערט ר׳ יחיאל, מכלומר׳שט, ברוגז, האָט ער פאַריבל.

— על פּי דין — זאָגט ער — בין איך אייַך, ר׳ קרוב, מחויב צו העלפן; „עזוב תעזוב״ שטייט, פאַרפאַלן! אָבער וואו שטייט עס, איך בעט אייַך, אַז איך בין מחויב אויסצוהערן אייַער געוויין, האַ?

דער איד האַלט זיך איין מיט די לעצטע כוחות, און ר׳ יחיאל זאָגט ווייטער:

— ווייסט איר וואָס, ר׳ קרוב, איך וועל אייַך געבן לויט דעם משכון...

אין מיינע אויגן איז דאָס משכון, עובר לסוחר — אויף פּחות — ווערט ק״ן קערבלאַך... וועל איך אייַך באָרגן פינף־און־זיבעציק, — אַכציק! צען רובל אויף יום־טוב, זעכציק אויף נדן פאַר דער טאָכטער,

און נאָך צען — אַ התחלה אויף חתונה־קלײַדער, חתונה־הוצאות; די רעשט וועט גאָט העלפן!

און אַז גאָט וועט העלפן, — גיט ער צו, ווי זײַן מנהג איז געוועזן, — וועמ איר באַצאָלן... איך בין בטוח, איר וועט באַצאָלן!

---

צונד גײַען מיר איבער צו ר׳ זישעם אײניקל.

אײנמאָל, אַ יומא־דפגרא איז עס געוועזן, האָט מיך איציקל מײַן תלמיד שטאַרק געבעטן, איך זאָל מיט אים גײן באַקוקן דעם פּאָטערס פאַבריק. ער וויל מיר ווײַזן די טײַערע קונציקע מאַשינעס...

איך האָב אים נישט געקאָנט אָפּזאָגן; אַ יומא־דפגרא איז, גײ איך.

אין פאַבריק אַרײַן גײען מיר דורך אַ שמאָל פעדערהײַזל, וואו צווײ מענשן קאָנען נישט צוזאַמען דורכגײן, נאָר אײנער נאָכ׳ן אַנדערן. פון דאָרט זענען מיר געקומען אויף אַ גאַנץ גרויסן הויף אַרויס, פון הויף ערשט אין פאַבריק אַרײַן. אין פאַבריק איז נאָך מער רחבות ווי אויפ׳ן הויף.

און די פאַבריק איז פול מיט וואַרשטאַטן. און בײַ יעדן וואַרשטאַט שטײט אַ פועל. דער וואַרשטאַט וואַרפט זיך, און דער פועל וואַרפט זיך מיט׳ן וואַרשטאַט. און דער פועל מיט׳ן וואַרשטאַט זעען אויס ווי אײן גוף, ווי אײן חולה־נופל, וואָס וואַרפט זיך, שאָקלט זיך און זעצט...

און וואָס איז די נשמה פון דעם גוף? די פאַרע! זי רודערט עס מיט אַלעם דורך לעדערנע רימען, מיט וועלכע יעדער וואַרשטאַט איז אַרומגענומען...

אויסער דער פאַרע האָט דאָ קײן גוף קײן אַנדערע נשמה נישט, נישט דער וואַרשטאַט, נישט דער פועל, וואָס טוט נאָך דעם וואַרשטאַט; זײ האָבן קײן נשמה נישט, קײן רצון נישט, קײן ידיעה נישט... אַזוי דאַכט זיך מיר!

און מײַן תלמיד וויל מיר אַלץ פאַרטײַטשן, געבן צו פאַרשטײן, וואָס דאָ טוט זיך, וואָס מען אַרבעט, ווי אַזוי מען אַרבעט; נאָר — איך הער נישט, איך שרעק זיך פאַר די קלאַפּנדיקע גולמות...

די אויערן ווערן מיר טויב פון גערויש און קלאַפּערייַ...

אַ ים קולות, אַ מבול קלעפּ און שלעג... און עס קראַצט, און רייַבט, און קריצט מיט די ציין...

און אַ וואונדערלאַכע מחשבה פליט דורכ'ן מוח:

„און ווען עס קומען אַהער, אין דעם גיהנם אַרייַן, די גרעסטע נביאים... ישעיה, ירמיה... און ווען משה רבינו אַליין, — ווען זיי עפענען די מייַלער און זיי ווילן רעדן, — צי וואָלטן זיי איבער־געשריגן דאָס גיהנם, צי וואָלט זיי עמיצער פון די געפּייַניקטע נשמות געהערט?"

„ניין, זיכער נישט!"—טראַכט איך און לויף אַרויס, באַגאָסן מיט קאַלטן שווייס פאַר שרעק!

און מיר גייען ווייַטער דורכ'ן שמאָלן פעדערצימער, און איך מיט יצחק'ן קענען צוזאַמען נישט דורכגיין...

— נאָך וואָס איז דאָ אַזוי ענג? — פרעג איך.

— דאָ רעווידירט מען די אַרבייַטאָרער; — ענטפערט יצחק'ל;— איינעם נאָכ'ן צווייטן רעווידירט מען...

— נאָך וואָס?

— מען גנב'עט פון פאַבריק... כלים... סחורה...

— גנבים זענען ז י י, גנבים?

— נישט אַלע, חס ושלום! נאָר אויף טייל פאַלט אַ חשד!...

— און אַז אויף אַ טייל פאַלט אַ חשד, רעווידירט מען אַלע?

— דער טאַטע זאָגט, אַז מען קען נישט מבייש זייַן, רעווידירט מען אַפילו די מייַסטער אַליין...

---

אויך „שלא לבייש", נאָר אויף אַ גאַנץ אַנדערן נוסח!

---

# אין געמויזאַכץ.

אַמאָל איז געווען אַ געמויזאַכץ. —

עס איז זיך געשטאַנען גאַנץ אַפּאַרט: אָפּגעטיילט פון דער רעשט לאָנקע (וואו בהמות האָבן זיך געפּאַשעט, און יונגע פאַסטוכער

מיט שטיינער געוואָרפן) מיט הויכן שאַוער און שאַרף-שפּיציקע דערנער, און אָפּגעזונדערט פון דער לופט — מיט אַ פּעט-בלישטשענ-דיק גרין הײַטל, וואָס דער ווינט צערײַסט אַמאָל אין אַ יאָר. — געלעבט אין געמויזאַכץ האָבן (ווי דער סדר-עולם איז) גאַנץ קלײנע ווערים, וואָס האָבן געגעסן — נאָך קלענערע.

דאָס געמויזאַכץ איז — נישט לאַנג, נישט ברייט און אַפילו נישט טיף. די ווערימלאַך האָבן עס נאָר דעם פּעטן שליים, די וואַסער-געוויקסן און די פוילע צווײַגלאַך צו פאַרדאַנקען, אויב זיי קענען דאָס געמויזאַכץ נישט דערגרינדן, נישט צושווימען צו'ן אַ ברעג.

די געמויזאַכץ-געאָגראַפיע שלאָפט דעריבער נאָך אין וויג.

פאַר דאָס האָט די געמויזאַכץ-גאוה שוין לאַנג אָפענע אויגן: די פאַנטאַזיע איז אונטער'ן פינסטערן הײַטל בײַ דער גאַנצער ממשלה, און ביידע צוזאַמען שפּינען און וועבן.

און מיט דער צײַט האָבן זיי אויסגעשפּונען אַ מסורה פון קדמונים, אַן אמת ווערמיקע טראַדיציע:

„דאָס געמויזאַכץ איז דער ים-הגדול!“.

„אין אים גיסן זיך אַרײַן אַלע פיר טײַכן פון גן-עדן... דער חדקל ברענגט מיט זיך דאָס גאָלד — דאָס איז דער שליים, אין וועלכן עס שטעקט זייער פּרנסה; און די רעשט דרײַ טײַכן ברענגען בלומען — דאָס זענען די וואַסער-געוויקסן, צווישן וועלכע זיי שפּילן זיך אין באַהעלטעניש אין אַ יומא-דפּגרא; פּערל — אַלע זשאַבע-שיסעלאַך און קרעלן — די פאַרפוילטע צווײַגלאַך...“

„דאָס גרינע הײַטל, די פאַרפּעצטע יאַרמולקע איבער'ן געמויזאַכץ, איז דער הימל איבער'ן ים-הגדול! אַן עקסטראַ באַזונדער הימל פאַר זייער וועלט!“

שטיקלאַך איינער-שאָלן, וואָס האָבן זיך דאָרט פאַרבלאָנדזשעט, שפּילן די ראָלע פון שטערן, און מיט אַ פאַרפוילטער דיניע האָט מען יוצא געוועזן פאַר דער זון...

די שטיינער, וואָס פלעגן אַמאָל אַרײַנפאַלן דורך די פאַסטוכער, זענען — גאַנץ נאַטירלאַך — געוועזן אבני-אלגביש-שטיינער, וואָס דער הימל וואַרפט זינדיקע לײַט אין קאָפּ אַרײַן! און אַז דער הימל

האָט זיך געשפּאָלטן, און עטלאַכע שטראַלן פון דער אמת׳ער זון האָבן אָפּגעשׂרפ׳עט אַ ווערמיקן מוח, האָט מען געפּילט און גע־גלויבט אין גיהנם!

נאָר — וואויל האָט זיך געלעבט אין געמויזאַכץ! ווי יעדער איז געוועזן פון זיך און מיט אַלע צופרידן! ווער עס וואוינט אין ים־הגדול, איז שוין בטבע אַ פיש! א י י ן ווערימל פלעגט דאָס צוויִיטע רופן: שלײַען, הערכט! אויף מצבות פלעגט מען קריצן: קראָקאָדיל און לויתן! „פלאַטקע״ איז געוועזן די גרעסטע באַליִידיקונג. דערבײַ האָבן געבליט: אַסטראָנאָמיע, פּאָעזיע און פילאָזאָפיע ווי די רויזן!

די שטיקלאַך איִיער־שאָלן האָט מען געציִילט, ביז מען איז דער־גאַנגען, אַז מען קען זיִ נ י ש ט איבערציִילן...

ראָמאַנטיקער האָבן די „פמליא של מעלה״ אויף טויזנטער אופנים באַזונגען; דערבײַ פלעגט מען פּאַטריאָטן פאַרגלײַכן צו שטערן, שטערן צו דאַמען־אויגן און די דאַמען אַליין צום הימל, אויב נישט גאָר צום גיהנם! די פילאָזאָפיע האָט באַזעצט די פרומע געשטאָר־בענע נשמות אין דער פוילער דיניע אַרײַן...

קורץ — עס האָט גאָר נישט געפעלט! דאָס לעבן האָט געהאַט אַלע פאַרבן פון רעגן־בויגן! מיט דער צײַט האָט מען צוגעמאַכט אַ קאָדעקס מיט הונדערטער פירושים, עס האָבן זיך אײַנגעפירט טויזנטער מנהגים! און אַז אַ ווערימל האָט זיך פאַרגלוסט עפּעס אַ שינוי, איז געווען געוועזן, עס זאָל זיך דערמאָנען, וואָס די „וועלט״ וועט זאָגן דערויף — עס זאָל רויט ווערן, חרטה קריגן און תשובה טאָן!

נאָר... אײנמאָל איז אַ חורבן געשען!
עס איז דורך אַ סטאַדע חזירים!

שרעקלאַכע פיס האָבן צעטרעטן דעם הימל, צעקנעטן דעם שליִים, צעריבן די קרעלן, צעמאַרשטן די בלומען... און פון דער גאַנצער אָפּגעזונדערטער „וועלט״ אַ תוהו ובוהו געמאַכט!

טייל ווערים זענען טיף אונטער׳ן שליִים געשלאָפן (און ווערים שלאָפן לאַנג), זענען זיִ טאַקע ניצול געוואָרן... אַז זיִ זענען צוריק

אַרויף, איז שוין דער הימל צוריק צוזאַמענגעשוואומען, זיך צוריק צונויפגעקלעפּט... נאָר — גאַנצע הויפנס צעדריקטע, צעשטיקטע און צעטרעטענע ווערים זענען געלעגן אָן קבורה און טויטערהייט עדות געזאָגט אויפ׳ן חורבן!

„וואָס איז דאָ געשען?"—פרעגן די פּעפער דערשראָקן און זוכן אַ לעבעדיקע בריאה, וואָס זאָל זיי קענען דערקלערן די סיבה פון דער שרעקלאַכער מגפה. נאָר נישט לייכט איז צו געפינען אַ לעבע־דיקע בריאה! וואָרן נישט לייכט איז איבערצולעבן אַ הימל! ווער עס איז נישט צעטראָטן געוואָרן, איז געשטאָרבן פאַר שרעק; ווער עס איז נישט געשטאָרבן פאַר שרעק, איז געשטאָרבן פאַר ווייטיק; די רעשט האָבן זיך אַליין דאָס לעבן גענומען... אָן הימל איז אָן לעבן!

איינער איז אַפילו יאָ געבליבן לעבן. נאָר קוים האָט ער זיי פאַרציילט, אַז דער הימל, וואָס זיי זענען אַצונד, איז גאָר אַ נייער פון דער נאָדל; אַז יענעם הימל האָבן חיות צעטראָטן; אַז ער האָט זיי געזאָגט, אַז ווערמיקע הימלען לעבן נישט אייביק... אַז אייביק, קען זיין, לעבט נאָר דער אַלגעמיינער הימל, האָט מען באַלד דער־קענט, אַז ער איז אַראָפּ פון זינען.

מען האָט אים מיט גרויס רחמנות געקאָוועט און אין דול־הויז אַריין געשיקט.

---

# הינערשע חלומות.

אַמאָל איז געוועזן אַ הון, אַ גרויסע הון אַ מיוחסת, דעם גרויסן קוקוריקום אַ קעפּסווייב און אַ חכמה דערצו. און די גרויסע הון, די מיוחסת, זיצט (פאַרשטייט זיך, ניט, חס ושלום, אין תפיסה), נאָר אויף דער „שאַדאָלע" — אַוודאי אויף פערציק אייער.

אַז מען רייבט זיך בײַט אָן דער וואַנט און מען האָט ניט אין זין קיין פּאָליטיק, העלפט גאָט.

און די אייער זענען דעריבער גרויסע און, מן הסתם, פולע; פון די אייער וועט אַרויס — —

נאָר וועגן דעם חלומ׳ט טאַקע די הון.

זי זיצט מיט פארמאכטע אויגן און דאך זעט זי, ווי פון די אייער טרעט ארויס א שטיק פערציק העגער —

העגער, קיין איינציקע הון! און איינס אויף איינס העגער פון העגער-לאנד, גרויס-געוואקסענע, שטארק-געבויטע, אויף קופערנע פיס, מיט שארפע קרעלן; פליגל, ווי ביי אן אדלער, און רויטע, וואס רויטע? — פלאמענדיקע קאמען!...

מען זאל זיי נאר קיין עין-הרע ניט געבן!

און גלייך פון די אייער טרעט ארויס די מחנה גיבורים און לאזט זיך גיין אויפ'ן הויף... זי גייט נאך, און דאס הארץ אין איר וואקסט און וואקסט, עס וואקסט ווי אויף הייוון. ארויסשפרינגען וויל עס, זאל עס שפרינגען!

— קוקוריקי! — שרייט דער עולם. — אזא קול האט נאך די וועלט ניט געהערט!

— קוקוריקי! דאס בערגל מיסט אין דער זייט, ביי דער קיך, שאקלט זיך און פאלט. אין גאנצן הויז ציטערן די שויבן.

— קוקוריקי!

און אלע, אלע ארום בלייבן שטיין ווי פארשטיינערט!

ווער זענען די גיבורים?!

דער אלטער קודלאטער הונט קריכט ארויס פון זיין שטיבל און בלייבט אויך שטיין פארגאפט — ער האט די צונג אין מויל פארגעסן, ער בילט נישט!

די חברה קעץ האבן זיך אויסגעזעצט אויפ'ן פלויט, וואס צוימט ארום דעם הויף, און קוקן זיך די אויגן אויס...

מוילוואורפן קריכן פון אונטער דער ערד אפער; האזן האבן באוויזן זיך אין עק וואלד — פארקוקט, פארגאפט, כאטש כאפ זיי מיט דער האנט!

און ער, וואס וועט ער זאגן? ער, דער גרויסער זאמד-גריבלער, דער גרויסער קארן-שלינגער, איר מאן?! צו וועט ער נאך קוקן אויסער איר אויף א הון?!

ניין!

און דעמאָלט, דעמאָלט וועט זי שוין זײַן אויפ׳ן שפּיץ פון איר גליק. אַז ער וועט וויסן און זען, וואָס זי קען; אַז די וועלט וועט געוואָר ווערן, וואָס זי האָט אים געגעבן, דעמאָלט — וועט זי שוין מעגן שטאַרבן! דעמאָלט וועט זי אַלײן צוגײן צו דער ברײטער קעכן, און אויסשטרעקן דעם האַלז.

— נעם — וועט זי זאָגן — און קאַך וועטשערע!

עס פּיקט אונטער דער הון, נאָר זי הערט נישט. טרויעריקע געדאַנקען זאַמלען זיך אין קעפּל —

„נעם און קאַך וועטשערע!“

נאָר — פאַרוואָס? פאַרוואָס מוז זיך אַלץ ענדיקן מיט׳ן מעטער? פאַרוואָס זאָלן מענשן עסן איר פלײש, דער הונט — די בײנער, און פון די פעדערן זאָל מען מאַכן בעטגעוואַנט?

צי איז אויף דער וועלט קײן רחמנות נישטאָ, קײן יושר? פאַר־וואָס זאָל מען נישט וויסן אויף דער וועלט קײן אונטערשיד פון אַ הון ביז אַ הון, פון אַ לויפערקע, אַ מויל־מאַכערן, אַן אינטריגאַנטקע אָדער אַזוי אַ שלימזל אַ הון, ביז אַ הון אַ מיוחסת, אַ הון, וואָס שטעלט צו דער וועלט אַ ז ו י נ ע הענער, אַזוינע העלדן, ווי אירע וועלן זײַן?!

— פּיק! פּיק! פּיק!

נאָר זי הערט נישט.

האַלב פאַרשלאָפן ציט זי ווײַטער אירע טרויעריקע חלומות:

— און נאָכ׳ן מעסער? צו איז שוין אַן עק פון אַלעם? צו אויף יענער זײַט צוים איז שוין ג אָ ר נישטאָ?

נאָכ׳ן צוים איז באַלד דער וואַלד, און דערנאָך, נאָכ׳ן וואַלד וואָס איז?

צו זאַמלען זיך נישט דאָרט די נשמות פון פרומע הינער און פּיקען האָבער, גערשטן און ווײַץ פרײַ פראַנק און אָן אַ שרעק פאַר׳ן מעסער?

— פּיק! פּיק! פּיק!

זי הערט ניט...

זי איז אַ מאַמע, און אַ מאַמע מוז אַן זיך אַלײן פאַרגעסן! נישט אין איר לעבן גײט עס, נאָר אין זײער לעבן!

געזונט און פריש מוז זי זײַ אַרויסגעבן דער וועלט!

כאָטש אין אַ צײַט אַרום וועלן זײַ די אײגענע מוטער ניט דער־קענען! די אײגענע מוטער אַוועקטרײַבן פון אַ פעטן בערגל מיסט. נאָר זי וועט אירס טאָן...

פיק־פיק־פיק! פיק־פיק־פיק!

זי דערהערט!

---

נאָר אַזוי געשווינט אויפהײבן וועט זי זיך נישט!

זי ווײסט, אַז אין דרויסן איז אַ ווינט, אַ שטורם־ווינט, און די גיבורים אירע וועלן זיך נאָך יונגערהײט פאַרקילן!

— וואָס פיקט איר? צו איז אײַך נישט גוט אונטער דער מוטערס שוים? ניט וואַרים, ניט זיכער אונטער אירע פליגל!

וואַרט קינדערלאַך, וואַרט!

ניט אײביק וועלן בלאָזן שלעכטע ווינטן, ניט אײביק וועלן זײַן די וואָלקן אין הימל...

גאָט וועט זיך דערבאַרימען, גאָט וועט זײַנע הענער נישט פאַר־געסן! רײניקן וועט זיך דער הימל, שײַנען וועט די זון, און עס וועט זײַן אַ וועטער, אַ וועטער!

---

עטלאָכע הינער, וואָס האָבן שוין לאַנג אַרויסגעפירט זײער יונגוואַרג אויפן הויף, קומען צו דער פאַרשפּעטיקטער יולדת.

— מזל־טוב, מזל־טוב! — ווערט אַ געפּיקערײַ.

נאָר זי ענטפערט נישט, זי וועט מיט זײ נישט פּיקען... זי בײגט אײַן דאָס קעפל און באַהאַלט עס צווישן די פעדערן אויף דער ברוסט...

די הינער אַנטלויפן פאַרשעמט, און זי הײבט צוריק אויף דאָס קעפל מיט חכמה און גאווה צוזאַמען...

זי דאַנקט גאָט, וואָס מען האָט זי אַלײן געלאָזט, אַלײן מיט אירע געדאַנקען, מיט אירע גיבורים...

און דאָס האַרץ צעגײט אין איר פון נחת; וואָס פאַר אַ פײַנע קינדער זי האָט! זײ זענען אַוודאי גרעסער ווי אַנדערע קאַפּהענער;

נאָר אַז די מאַמע הײַסט, ליגן זײַ שטיל, וואַרטן זײַ, קײַן אײַנציקער פּיקט שוין נישט!

קלוגע קינדער: ז י י ן גבורה און איר א י י ד ל ק י י ט, א י ר גוטקײַט!

---

און גאָט ווייס, ווי לאַנג די קלוגע הון וואָלט געזעסן אויף אירע גיבורים, ווען נישט די קעכן, וואָס האָט זיך אָן איר דערמאָנט און איז אַרײַן ווי אַ בליץ זי אַראָפּצוזיאָגן פון דער שאַדאָלע...

און אַז מען האָט די „מוטער" אַראָפּגעיאָגט פון דער שאַדאָלע, האָבן זיך באַוויזן קלײַנע, שוין לאַנג דערשטיקטע, אײַנפאַכע הינ־דעלאַך...

## די פ ר ו מ ע ק אַ ץ.

דרײַ זינג־פֿײַגעלאַך זענען געוועזן אין אײַן שטוב, און אַלע דרײַ, אײַנס נאָכ'ן צווייטן — האָט די קאַץ צורעכט געמאַכט...

עס איז קײַן אײַנפאַכע קאַץ נישט געוועזן, נאָר אַן אמת, אמת פרומע נשמה, וואָס האָט נישט אומזיסט געטראָגן די ווײַסע גוט־אידישע יופע און געהאַט אײַגעלאַך, אין וועלכע דער הימל האָט זיך געשפּיגלט...

עס איז אַ פרומע קאַץ, אַ טבילה־קאַץ געוועזן! צען מאָל אין טאָג האָט זי זיך געוואַשן... און געגעסן האָט זי שטיל, ערגעץ אין אַ זײַט, אין אַ ווינקעלע...

אַ גאַנצן טאָג האָט זי געכאַפּט וואָס עס איז מילאכדיקס, און ערשט, אַז די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָט זי געגעסן פלײַש, כשר מויזן־פלײַש...

און נישט געאײַלט זיך צו דער אכילה, ווי אַ גראָבע זאַך. נישט געכאַפּט און געשלונגען, ווי פרעסער טוען; נאָר בנעימות, שפּילנדיק... זאָל דאָס מײַזל לעבן נאָך אַ רגע, נאָך אַ רגע... זאָל עס אַ ביסל אַרומ־טאַנצן, אָפּציטערן, ווידוי זאָגן. אַ פרומע קאַץ כאַפּט נישט...

אַז מען האָט אין שטוב אַרײַן דעם ערשטן זינג־פויגל געבּרענגט, האָט זי אויף אים באַלד רחמנות באַקומען; עס האָט זי בײַם האַרץ אָנגעכאַפּט.

— אַזאַ שײנס, — זיפצט זי, — אַזאַ קלײנס, אַזאַ מחיה׳דיק פײגעלע זאָל קײן עולם־הבא נישט האָבן!

—און עס קען קײן עולם־הבא נישט האָבן! — איז זיכער די קאַץ:

ערשטנס, וואַשט זיך עס דײַטשעריש, מיט׳ן גאַנצן לײַב אין שיסעלע וואַסער...

צווײטנס, אַז מען האָט עס אײַנגעזעצט אין שטײַג, איז עס שוין אַ חיה־רעה. כאַטש אַ יונג, זים און פײַן זינג־פײגעלע... האַלט עס שוין מער פון דינאַמיט ווי פון שולחן־ערוך!

הײַנט דאָס זינגען אַלײן! דאָס אויסגעלאַסענע זינגען, דאָס צופּײַפן און דאָס קוקן גלײַך אָן אַ שום דרך־ארץ אין הימל אַרײַן! דאָס רײַסן זיך אַרויס פון שטײַג, צו דער זינדיקער וועלט, צו דער פרײַער לופט, צום אָפענעם פענסטער...

צו איז נאָך אַמאָל אַ קאַץ אין אַ שטײַג געזעסן? צו האָט נאָך אַמאָל אַ פרומע קאַץ אַזוי געפּיפן; אַזוי אויסגעלאַסן געפּיפן?

— און אַ שאָד! — ווײנט דאָס פרישע האַרץ אין דער פרומער קאַץ. — עס איז דאָך אַ לעבעדיקע זאַך, אַ טײַערע נשמה, אַ פונק פון דער הײך!

דער קאַץ קומען טרערן אין די אויגן:

און דאָס גאַנצע אומגליק איז, וואָס דער זינדיקער גוף איז אַזוי שײן, דער עולם־הזה דעריבער — אַזוי לוסטיק, דער יצר־הרע אַזוי שטאַרק...

ווי קען אַזאַ קלײן, זים פײגעלע זיך אַקעגנשטעלן דעם שרעק־לאַכן גרויסן יצר־הרע.

און וואָס מער עס לעבט, מער זינדיקט עס, גרעסער וועט זײַן די שטראָף...

האַ!

און אַ היזליק פייער האָט זיך אָנגעצונדן אין דער קאָץ. און זי איז אַרויפגעשפרונגען אויפ׳ן טיש, וואו די שטייג מיט׳ן זינג־פייגעלע איז געשטאַנען און —

עס פליען שוין פעדערן אין צימער...

---

מען האָט די קאַץ געשלאָגן... די שלעג נעמט זי אָן פאַר ליב... האָט פרום אָפּגעקרעכצט, אָפּגעמיאַוטשעט אַ יעמערלאַכן על־חטא...

מער וועט זי שוין נישט זינדיקן...

די קלוגע קאַץ פאַרשטייט, פאַרוואָס מען האָט זי געשלאָגן... מער וועט זי קיין שלעג נישט פאַרדינען...

— מען האָט זי געשלאָגן — פאַרשטייט די קאַץ — דערפאַר, ווייל זי האָט פאַרפעדערט די שטוב; ווייל אויפ׳ן ווייסן געשטיקטן טישטוך זענען געבליבן פלעקן פון בלוט...

אַזאַ פסק מוז מען מקיים זיין גוט, שטיל און פרום, עס זאָל קיין פעדער נישט פליען, קיין טראָפּן בלוט נישט פאַלן...

און אַז מען האָט דעם צווייטן פויגל געקויפט און אין שטוב געלאָזט, האָט זי אים שוין שטיל און פיין דערוואָרגן און מיט די פעדערן צוזאַמען איינגעשלונגען...

מען האָט די קאַץ געשמיסן...

צונד האָט ערשט די קאַץ פאַרשטאַנען, אַז נישט וועגן פעדער'ן גייט עס, נישט וועגן פלעקן פון בלוט אויפ׳ן טישטוך...

דער סוד איז, אַז מען טאָר נישט טייטן! אַז מען דאַרף ליב האָבן, מוחל זיין... אַז נישט מיט אַרבע מיתות בית־דין פאַרבעסערט מען די זינדיקע וועלט!

מען דאַרף מחזיר למוטב זיין, מוסר זאָגן, צום האַרץ רעדן!

אַ קאַנאַריק אַ בעל־תשובה קען קומען צו׳ן אַזאַ מדרגה, צו וועלכער די פרימסטע קאַץ וועט נישט דערגרייכן!

און די קאַץ דערפילט, ווי עס וואַקסט אין איר דאָס האַרץ פאַר פרייד! אויס אַלטע, שלעכטע און האַרטע צייטן! אויס בלוט פאַרגיסן!

רחמנות, רחמנות, און נאָך אַמאָל רחמנות...

און מיט רחמנות איז זי צוגעגאַנגען צום דריטן קאַנאַריק!

— שרעק דיך נישט; — מאַכט זי מיט דער ווײכסטער שטימע, וואָס איז אַמאָל אַרויס פון אַ קאַציקן האַלז; — זינדיק ביסטו, נאָר איך וועל דיר קײן שלעכטס נישט טאָן, ווײל איך האָב רחמנות אויף דיר;

איך וועל דיר אַפילו די שטײג נישט עפענען, איך וועל דיך אַפילו נישט אָנרירן!

דו שווײגסט? — זײער גוט! אַנדערע פֿרעכע לידער צו זינגען, איז גלײכער שווײגן!

דו צאַפּלסט — נאָך בעסער! צאַפּל, צאַפּל מײן קינד, נאָר נישט פאַר מיר, פאַר'ן בורא עולם צאַפּל, פאַר זײן ליבן נאָמען!

הלוואי זאָלסטו שוין אַזוי בלײבן — שטיל, רײן און צאַפּלדיק...

איך וועל דיר העלפן צאַפּלען! פון מײן פרומער נשמה וועל איך הויכן אויף דיר שטילקײט, זיסקײט און פרומקײט... מיט מײן הויך זאָל אַרײן אמונה אין דײן לײב, יראת־שמים אין דײנע בײנדעלאַך, תשובה און חרטה אין דײן הערצעלע!

און די קאַץ פילט ערשט, ווי גוט עס איז מוחל צו זײן, ווי אַ פרײד עס איז יענעם אַרײנצובלאָזן מיט'ן הויך פרומקײט און ערלאַכקײט...

און עס וואַקסט דאָס פרימסטע האַרץ אין דער פרימסטער ווײסער קאַץ... —

נאָר דער קאַנאַריק קען אין דער קאַצן־לופט נישט אָטעמען... עס האָט אים דערשטיקט!

---

## מעשה׳לאַך פון דול־הויז.

### 1. עולם־הבא.

אָ, נײן! מיך וועט איר נישט אײנרעדן! די וועלט איז נאָך קײן וועלט נישט!

וואָס מײנט איר? עס צינדט זיך אָן אַ ליכט, עס ברענט העלער אָדער טונקעלער — לויט דעם חלב, לענגער אָדער קירצער — לויט דער לענג און דער דיק — עס ברענט, צאַנקט און ווערט פאַרלאָשן מיט אַ קלענערן אָדער אַ גרעסערן ריח — און שוין! דאָס איז עס אין גאַנצן?

א י ך — וואָלט אַזאַ לעבן נ י ש ט באַשאַפן!

---

פרעגט אַ גימנאַזיסט פון 5־טן קלאַס, וואָס עס ווערט פון אַן אויסגעברענט ליכט. ער וועט איַיך זאָגן, אַז עס איז נ י ש ט צו נישט געוואָרן! ער וועט איַיך אויפוויַיזן מיט אותות ומופתים, אַז די נאַטור איז אַ ווירטשאַפט, וואו עס ווערט גאָר נישט פאַרלוירן, קיַין שטויב, קיַין האָר... „פון אויסגעברענטן ליכט ווערן גאַזן; מען ז ע ט זיַי נישט, די גאַזן, נאָר דאָ זענען זיַי; זיַי שוועבן אַרום אין דער לופט.

אַ חלבנ׳ן ליכטל פאַר אַ גראָשן ווערט אין דער נאַטור נישט פאַרלוירן, נאָר א י ך , מיט מיַין שכל, מיַין יושר, מיַין צער, מיַינע טרערן — איך ווער פאַרלוירן, פון מ י ר בליַיבט גאָר נישט!

און ז י י זאָגן, אַז א י ך בין משוגע!

און ה י י ס ט דאָס אַ וועלט?

---

יושע זיַיגער־מאַכער איז קיַין גרויסער מיַיסטער נישט, און דאָך וועט פון זיַין שטוב ניט אַרויסגיין אַ זיַיגערל, וואָס זאָל יעדער רגע וועלן צעזעצט, צעקלאַפט און צעשפּרונגען ווערן; וואָס זאָל האָבן אין זיך אַן איַיביקע, באַשטענדיקע מלחמה; א י י ן רעדל זאָל ריַיבן, שליַיפן און דריקן דאָס צווייטע, איין ציינדל זאָל צופן, ריַיסן און ביַיסן דאָס אַנדערע; און דאָס האָר, אָדער ווי ער זאָגט — די פעדער זאָל אַלץ אַרומנעמען און שטיקן און ווערגן, עס זאָל קיינער קיַין אָטעם נישט קענען כאַפּן!

צו האָט איר געזען אַמאָל אַ דרעשמאַשין, וואָס דרעשט זיך אַליין? צעפּעס, וואָס ריַיסן פון זיך אַליין אָפּ די הויט?

ניין! דאָס איז קיַין וועלט נישט! אַן ערב־רב איז עס, אַ דול־הויז איז עס! געקוילעטע הענער לויפן אַרום און כאַפּן קערנדלאַך, דאָס בלוט רינט, און זיַי ווערגן זיך! אַ דול־הויז איז עס, אַ מבול דאַרף עס, — קאַלט, קאַלט וואַסער!

---

און ווער וואָלט פאַר אַזאַ פינסטערער וועלט אַזוי פיל ליכטיקע, גאָלדענע שטערן באַשאַפן?

גלײַך זי װײַסט דען, די פינסטערע ערד, װיפיל שטערן זי האָט?

„מען קען נישט איבערצײַלן!" — זאָגט זי...

װאָלט עס נאָר מטבעות געװעזן, זילבערנע, גאָלדענע מטבעות, װאָלטן שױן אַלע געצײַלט, נישט װי הײַנט נאָר אַ מנין געלערנטע בטלנים; אַלע װאָלטן געצײַלט און מען װאָלט שױן איבערגעצײַלט!

---

נײַן, דאָ איז נאָך דאָס רעכטע לעבן נישט! דאָ לעבט מען נאָר דערװײַל, אין ערב־רב, אָן אָרדנונג, אױסגעמישט: לײַבן, טכוירן, בערן, װערים און פײגל און אַל־די־שװאַרצע יאָר צוזאַמען... עס טרעפט זיך אַ מענש אױך... נאָר — אַז מען דערזעט אים, פּאַקט מען אים אין דול־הויז אַרײַן...

---

עס איז גענוג אַן אױג צו װאַרפן אױף די ליכטיקע, קלאָרע, זאַנפטע, מילדע, רײַנע שטערנדלאַך, מען זאָל אײַנזען, אַז דאָרט איז ערשט דאָס רעכטע לעבן... נאָר דאָס אמת'ע לעבן שטראַלט אַזױ רואיק, אַזוי זיכער!

און דאָרט לעבן די מינים באַזונדער, יעדער שטערן האָט זײַן מין, און דעריבער שטראַלן זײ מיט שלום, מיט עולם־הבא!

דאָרט הערט מען נישט אַלץ־אײן־אײנעם: „מײַן טויט אָדער דײַן טויט!"

אויב אַ שטערן ציטערט אין הימל, איז עס פּאַר רחמנות אויף אונזער פינסטערער ערד! אַז אײנער פון זײ טרעפט זי פּלוצלונג אויפ'ן װעג, דערשרעקט ער זיך און פאַלט... די זון קען נישט צוקוקן, װי עס לעבט זיך בײַ אונז, פאַרשטעלט זי זיך טײלמאָל דאָס פּנים און עס װערט ליקוי־חמה... די לבנה איז נענטער; זי זעט בעסער, רײַסט זי פון זיך פּאַסן, און מען מוז יעדן חודש מאַכן אַ נײַע לבנה!

---

„טױזנט אויגן האָט דער מלאך־המות!"

עס איז קײַן װאונדער נישט. ער דאַרף די מינים סאָרטירן און יעדן שיקן אויף זײַן שטערן אַרויף; און דאָ איז אַ מאַסקאַראַד, אַ

— אויסגעוויילטע שריפטן.
פורים־שפּיל, סאַמע פאַרשטעלטע, עס איז קײנער נישט אין זײַן אײגענער הויט!
אָם ערגסטן איז מיט די כל־בו׳ניקעס...

---

## 2. כ ל ־ ב ו .

„אַמאָל — האָט מיר מײַן באָבע, די אַרענדאַרקע, פאַרצײלט — האָט זיך באַוויזן אַ כל־בו׳ניק“. דאָס איז געווען בײַם פּריץ אויפ׳ן הויף, וואו זי האָט די פאַכט געהאַלטן, דעריבער ווײסט זי די מעשה.

פון וואַנען ער האָט זיך גענומען? ווײסט מען נישט.

סײַ ווי סײַ קומט ער אַרויס פון פּריצ׳ס הויף!

און אַ וואונדערלאַך חיה׳לע איז דער כל־בו׳ניק געווען!

אָן בײנער, פון סאַמע ווײך פלײש, און דאָס קעפּל האָט זיך לויז געדרײט אויפ׳ן האַלז, ווי אויף אַ גוט געשמירט שרײַפל! ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און מיט׳ן קעפּל געדרײט קײן מזרח, קײן מערב, קײן צפון, קײן דרום — וואו איר ווילט נאָר אַלײן! און ווײַל ער האָט יעדן צוגעשאָקלט מיט׳ן קאָפּ, האָט ער מיט אַלע בשלום געלעבט און פון קײנעם און מיט קײנעם גלײַך — נישט געליטן!

עס שלאָגן זיך צוויי הענער; אײנער שרײַט: קוקעריקו, דער צווײטער וויל דווקא: קיקעריקי! דער כל־בו מישט זיך נישט אַרײַן. נאָר אַז דער הויף איז שוין באַדעקט מיט פעדערן, און די הענער צעפאַלן זיך אָן כוח, גײט ער צו און זאָגט: איר האָט בײדע רעכט: דער „ביאור“ זאָגט: „קיקעריקי!“ און די שבעים־זקנים: „קוקעריקו!“.

און בײדע הענער בלײַבן ז י ך שונאים און א י ם גוטע פרײַנד!

עס איז קײן שטילער הויף נישט געווען... דער הונט האָט געביסן דעם חזיר בײַם אויער; די קאַץ האָט געשפּיגן אויפ׳ן הונט; און אַן אָדלער מיט אַן אונטערגעשאָסענעם פליגל איז אַרומגעגאַנגען און אַלעמען געוואָרפן אין זיבעטן שווײס אַרײַן. נאָר דער כל־בו׳ניק האָט זיך מיט אַ ל ע גע׳חבר׳ט: ער האָט זיך געהאַלטן אַמאָל בײַם רעכטן, אַמאָל בײַם לינקן אויער, און דער חזיר האָט געמײנט, אַז ער איז אויך אַ געביסענער! דעם הונט האָט ער אײַנגעראַמט:

„בררר... סאַמע גנבים, אײַן ערלאַכער מאַן ביסטו!“ דערנאָך איז ער אַרױפגעשפּרונגען אױפ׳ן צױם און געװאַשן זיך מיט דער קאַץ צו־זאַמען פאַר׳ן רעגן...

פלוצלונג גאַר האָט ער דעם אָדלער דערזען! ער ציט אױף זיך אַ בענקשאַפט, אין אױג װײַזט זיך אַ טרער: נישט גוט, ברודער, דעם אונטערגעשאָסענעם! ער זיפצט, און דער אָדלער מײנט, אַז ער בענקט אױך נאָך די הױכע װאָלקן, און גײט אַװעק מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטן קאָפּ, נאָר מיט אַ װײַך האַרץ: „אױך אַן אומגליקלאַכער!“...

און אַז קײנער זעט נישט, שפּרינגט ער גאָר אַרײַן אין שטאָל צום קלײנעם אײזעלע און רוימט אים אײַן: „װײסט, קאַנט הײבט מיר אױך נישט אַן צו געפעלן!“

---

און אױף ד ע ר װעלט — פו, ... פו ...! — אױפ׳ן פּריצ׳ס הױף, מײן איך — איז אים גאָר נישט שלעכט געװעזן... ער האָט מיט אַלע גוט געלעבט, מיט אַלע זיך גע׳חבר׳ט, בײַ יעדן עפּעס געכאַפּט...

יעדער האָט אים געדענקט אַ זכות פון אַ שאָקל אױף זײַן זײַט! און כאָטש קײנער האָט אים נישט ליב געהאַט, האָבן אים אַלע פאַרבעטן װער אױף פרישטיק, װער אױף מיטאָג. און ער האָט אַלע מאכלים געגעסן... און יעדערער האָט זיך אים געגריסט און דערבײַ זיך אין האַרץ געװאונדערט: פאַרװאָס האָב איך אים נישט גערן?

---

נאָר אײביק לעבט נישט קײנער, אַפילו נישט קײן כל־בו! עס איז געקומען זײַן צײַט, און דער רוח האָט אים פאַרטראָגן אין אַ מדבר אַרײַן, אױפ׳ן זאַמל־פּלאַץ, װאו די נשמות פון אַלע חיות, בהמות און עופות נעמען זיך צוזאַמען, און דער מלאך־המות סאָרטירט זײ, באַנדראָלירט און פאַרשיקט אױף יענער װעלט.

װען דער כל־בו איז אָנגעקומען, איז שױן די סטעפּ באַדעקט געװעזן מיט אָפּגעטײלטע מחנות, װאָס האָבן אײנע אױף דער אַנדע־רער געקוקט צום לעצטן מאָל און שאַרף באַטראַכט! זײ װילן גע־דענקען אױף י ע נ ע ר װעלט, װאָס פאַר אַ מינים ד אָ זענען

געוועזן. די עופות זענען אומגעדולדיק געשטאַנען אויף איינציקע פיס; פון די אינדיקעס שניידט זיך אָפּ אַ בלוט־רויטע שאַרפע אויף אַ מיל; ווי דינע זילבערנע נעבל הוידן און וויגן זיך די טויבן אין דער לופט; שטאָלץ און ערנסט האַלטן זיך די אָדלער אין אַ זייט; אַ גאַנצע באַנדע איזילען האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָגן מיט די קעפּ און קלערן, וואָס פאַר דערנער עס קענען וואַקסן אויף יענער וועלט.

און דער מלאך־המות האָט שוין גענומען דאָס פייפערל צום מויל, אַ צייכן צו געבן צום אַוועקפליען... ער האָט שוין אויפגעהויבן די הענט, יעדן צו ווייזן זיין וועג, נאָר ער האָט די האַנט אַראָפּגעלאָזט, דאָס פייפערל פאַרגעסן — ער האָט דעם כל־בו באַמערקט.

— ווער ביסטו? — פרעגט דער מלאך־המות, וואָס האָט נאָך אַזאַ בריאה נישט געזען.

כל־בו שווייגט; ער ווייס אַליין נישט, ווער ער איז!

טויזנט אויגן האָט דער מלאך־המות, און מיט יעדן אויג זעט ער אינ׳ם כל־בו אַן אַנדער באַשעפעניש.

— צו וועט זיך קיינער נישט דערקענען צום נייעם גאַסט? — ווענדט ער זיך צו די אַלע מינים, וואָס זענען שוין אויסגעשטעלט גרייט צום פליען.

נאָר קיינער ענטפערט נישט, יעדער מין זעט אינ׳ם כל־בו אַ קליין פּיצל זיינס, נאָר אַזוי פיל פרעמדס!

עס דויערט אַ ווײַלע און דער מלאך־המות נעמט זיך צוריק צום פייפערל... ער וויל אַ צייכן געבן: זאָלן זיך די מינים פליען יעדער אין זיין וועג, זאָל דער כל־בו בלייבן אין סטעפּ!

דעמאָלט אָבער האָט דער כל־בו אַרויסגעלאָזט אַ שרעקלאַך געוויין, אין וועלכן עס האָבן זיך געהערט אַלע יללות פון אַלע מינים חיות און עופות! ער איז צוגעפאַלן צום מלאך־המות׳ס קני און האָט אים די פיס געקושט.

— וואו לאָזטו מיך איבער, דו באַרמהאַרציקער מלאך!

דער מלאך־המות ווערט גערירט פון זיינע טרערן, נאָר וואָס צו טאָן — ווייס ער נישט!

— אויף יעדן שטערן — זאָגט ער דעם כל־בו — שטייט אַ מלאך בײַם טויער און קוקט נאָך אַמאָל דורך דעם גאַנצן טראַנספּאָרט... מען וועט דיך אין ערגעץ נישט אַרײַנלאָזן; און קיין עקסטראַ וועלט פאַר כל־בו׳ניקעס האָט נאָך גאָט נישט באַשאַפן...

— באַרמהאַרציקער מלאך! דאָ בלײַבן ו ו י ל איך נישט, קען איך נישט, איך געהער דאָך שטיקלאַכווײַז צו אַלע מינים; זאָל יעדער מין זיך צונעמען זײַן חלק!

— ערלאַך! — זאָגט דער מלאך. — דײַן פּסק זאָל מקוים ווערן!

און אַז יעדער מין האָט זיך אויסגעצופּט זײַן חלק, איז בײַ יעדן מין אַ דין הערל געבליבן, און בײַם ערשטן ווינט האָבן זיך די האָר אָפּגעריסן און געבליבן דערנאָך הענגען אין דער לופט...

---

מיט דער צײַט האָבן זיך אויף דער וועלט די כל־בו׳ניקעס גע־מערט, נאָר אַלע האָבן אַזאַ סוף.

און ענדע זומער, אויב דו זעסט שפּינוועבס הענגען אין דער לופט, זאָלסטו וויסן, אַז דאָס זענען כל־בו־האָר!

אַזוי האָט מיר מײַן באָבע פאַרציילט...

## 3. אַ חלום.

איר ווילט וויסן, פון וואַנען איך קום אַהער?

איך וועל אײַך פאַרציילן; איך האָב קיין סודות נישט.

אַמאָל בין איך גאָר אַ געזונטער געווען. אײגענטלאך פאַרקערט, איך האָב געליטן, נאָר אויפ׳ן מאָגן, אויף די פיס, אויף נאָך אַנדערע קרענק אין לײַב; אַ נשמה אָבער האָב איך געהאַט אַ געזונטע, אַ מוח — אַן אײַזערנעם; אַ קלייניקײַט — דעם פאַרצעווער רב׳ס אייניקל!

פאַר מײַן קעפּל האָט מען מיר אַן אשה צנועה געגעבן — איר קענט זי אפשר? ביילע די שטריקן־מאַכערן, אַ וואוילע אידענע! נדן אויך, ווי דען! איך האָב ווײַטער געלערנט, נאָר געהאַנדלט אויך! יש מקום בראש... מיט איין זײַט האָב איך געזופּט ש״ס ופּוסקים, מיט

דער צווייטער „קאַנדיציעס“ געמאַכט: מכלומר׳שט ווייץ געקויפט און אָפּגענומען געלט מיט פּראָצענט...

הכלל — איך בין געווען אי אַ למדן, אי אַ סוחר און האָב טאַקע מיט די קינדער גוטע שידוכים געטאָן... אויף אייך אַזאַ יאָר!

עס גייט זיי אפילו נישט גוט די קינדער, נאָר איינגעטונקט אין יחוס האָב איך זיי!

דעמאָלט האָב איך געדאַרפט חתונה־מאַכן אַ טאָכטער; דער מחותן האָט דוקא געוואָלט באַר געלט און איך בין געפאָרן מאָנען ביים פּריץ...

מאַכט זיך אַן עסק, האָט דער פּריץ צו טאָן מיט סערוויטוטן, די פּויערן האָבן אים געוואָלט שלאָגן; רייצט ער מ י ר אָן אַ הונט — אויך אַ יושר!

נאָר דערווייל מוז מען אַנטלויפן.

איך לויף, לויף, לויף... און קום אין גאָרטן אַריין... זאָל זיין אין גאָרטן, אַבי איך הער שוין נישט דעם כלב׳ס בילן; עס פעלט מיר אַ פּיאַטע פון זאָק, אַ שטיק פּאָלע, מיין דאגה — ביילע וועט צונייען...

נאָר הונגעריק בין איך געווען, דאָס האַרץ האָט אין מיר גע׳חלש׳ט.

און דאָ, זע איך, אַ גאָרטן, אַ גן־עדן! טרויבן, ווי אין ארץ־ישראל, עפּל — גאָלדענע, באַרנעס — געשפּרענקלטע, גרויסע. דער זאַפט, דאַכט זיך, טריפט פון זיי אַראָפּ. איך שטרעק אויס אַ האַנט — ריבונו של עולם! — די טרויב אַנטלויפט, דער עפּל רוקט זיך אָפּ, די באַרנע בייגט זיך אַוועק אין אַ זייט...

און הערט אַ מעשה — אַלע רעדן!

— נישט דו — זאָגן זיי מיט כעס — נישט דו האָסט אונז גע־פלאַנצט...

איך ווער בייז. מיר קומט פּראָצענט, אַ הונט האָט מיך געביסן, פאַר שרעק ציטערן מיר נאָך די קני, און פאַר זיי איז נאָך ווייניק! איך מ ו ז דאָך עסן!

איך טאַנץ און טאַנץ אַרום בוים; איך וואַרף מיט די הענט, איך צאַפּל, אַ פיבער וואַרפט מיך פאַר צאָרן, דער זיבעטער שווייס

באַדעקט מיך — און קײן אײנציקע פּרוכט לאָזט זיך נישט כאַפּן.
זײ האָבן נאָך גאָר אָנגעהויבן צו זינגען, װי אַ חזן מיט משוררים:

נישט דו האָסט אונז געזעצט,
נישט דו האָסט אונז געפּלאַנצט...
און נאָך אַמאָל דאָס אײגענע:
נישט דו האָס אונז געזעצט,
נישט דו האָסט אונז געפּלאַנצט!

הערסט אַ מעשה? און נישט איבערצושפּאָרן! דאָס גאַנצע בלוט האָט אין מיר אויפגעקאָכט, און איך האָב מיך אַזוי לאַנג געװאָרפן, ביז איך בין אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד מיט שוים אין מויל.

איך ליג און דערזע נישט װײט פון מיר אַ געלן קאַפּעלוש, פּונקט אַזוינעם, װי דער פּריץ טראָגט, נאָר אַ קלענערן. איך כאַפּ אַ ציטער! װאָס איז דאָס? אין מיטן דערמאָן איך זיך, אַז מײן װײב האָט אַמאָל אַזוינע קאַפּעלושן אַהײם געברענגט און דערפון אַ װעטשערע געקאָכט, מיט קליסקעלאַך... אַהאַ! — דערמאָן איך זיך — אַ שװאָם איז עס, װי איך בין אַ איד — אַ שװאָם, זאָל זײן רויערהײט!

אפשר אַ הונטס שװאָם, אפשר סם?

גײן, אַז גאָט װיל נישט, סמ׳ט מען זיך נישט. איך שטרעק אויס די האַנט, נאָר די חצופה רוקט זיך אויך אָפּ מיט אַ גאוה; זי טאַנצט און היפּעט אַװעק אויפ׳ן דינעם שטעקעלע. „איך האָב דיך אַ סך געקאָסט?" — פרעגט זי. מילא, איך װעל דאָך נישט גײן טענה׳ן מיט אַ חצופה. „װאַקס אין דר׳ערד אַרײן!" — טראַכט איך...

װאָס טוט מען? הונגער, ממש הונגער!

זאָל זײן גראָז! פעלט מיר אײן. הלמאי אָדם הראשון האָט קײן פלײש נישט געגעסן און ער איז פרימער געװעזן פאַר מיר און דאָך יוצא געװעזן מיט „ירק עשב!" און איך ליג אויף הערלאַך, אויף אמת געשמאַק גראָז. נאָר אַ ביסל, — טראַכט איך, — מיט׳ן מויל אָנצוכאַפּן, אַבי צו זיך צו קומען און פון גאָרטן אַרויס; װעט עס מיר שאַדן, װעט מיר מײן בײלע מאַכן אַ „װײנער טרענקל"... אַ דאגה דאָס איז. האָם! — נאָר איך נעם אָן אַ פול מויל מיט קלײנע שאַרפע

שטיינדלאך; איך האָב מיר דאָס גאַנצע מויל צעבלוטיקט, און דאָס גראָז — „ואיננו!" איך ליג אויף אַ גאָל שטיקל ערד, כלחוך השור!

אַ, שלעכט! איך זע בחוש, אַז דער פּריץ איז אַ מכשף, און זיין גאָרטן איז אַ כישוף! אַ שווינדלער, אַ כישוף־מאַכער! ער האָט אפשר גאָר קיין גאָרטן, קיין פעלד, קיין וואלד נישט; עס איז אין גאַנצן נאָר אַ כישוף, אַבי ביי אַן ערלאַכן איד אַ הלואה׳לע צו מאַכן... פּראָצענט שרייבט ער צו, וואָס שאַדט עס?!

און מיט אַ האַרץ, וואָס קלאַפּט ווי ביי אַ גזלן, שפּרינג איך אויף און לויף מיט די לעצטע כוחות פון גאָרטן אַרויס.

אָט בין איך אויפ׳ן פעלד...

אַי — זאַנגען ווי גאָלד! זיי שאָקלען זיך ווי ערלאַכע אידן ביי שמונה־עשרה... זיי פאַרבעטן מיך: קום, איד, מאַך אַ ברכה; קום, דעם פאַרצעוועער רב׳ס אייניקל, און בייג צו די כשר׳ע ליפּן...

איך לויף צו מיט אַן אָפן מויל. נאָר דאָס פעלד לאָזט אַרויס אַ געלעכטער! און לאַכנדיק זינגט עס; דאָס פויערישע פעלד זינגט:

וואו ביסטו געוועזן,
ווען דער פויער האָט געאַקערט?
וואו ביסטו געוועזן,
ווען דער פויער האָט געזייט?...

אַ רעכטע שיינע, ריינע כפּרה! ווי הייסט! וואו איך בין געוועזן? איך בין געזעסן און האָב געלערנט, תהילים געזאָגט, געדאַווענט; מעשות פון זיידן, עליו השלום, פון פאַרצעוועער רב, דערציילט... אַ דאגה, וואָס אַ איד טוט?

וואָס קומט אָבער אַרויס, וואָס איך ווייס דעם אמת, אַז די זאַנגען זינגען און רוקן זיך אָפּ. איך פּרואוו זיי שוין גאָר נישט זאָגן, — איך ווייס שוין, וואָס כישוף באַטייט!

נאָר ניין! נישט־קשה! פאַר הונגער וועל איך דאָך נישט שטאַרבן! עטלאַכע געוויקסן, זע איך, שטייען אין דערמיט און רירן זיך נישט פון אָרט; זיי ווייסן, אַז איך בין דעם פאַרצעוועער רב׳ס אייניקל, אַז איך זיץ און לערן, אַז דאָס האַרץ איז מיר אָוועק, איז אַ מצוה, איך זאָל עפּעס טועם זיין. איך רוק מיך צו, זיי שטייען;

נענטער—זײַ רירן זיך נישט פון אָרט! האַם!...—געוואַלד! עס ברענט! פײַער האָב איך אין מויל, פײַער, פײַער! קראַפּעווע איז עס גע־ ווען!

איך בין אַנידערגעפאַלן...

זכות אָבות האָב איך געהאַט, אַז איך בין נישט געבליבן אויפ׳ן אָרט...

און אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, בין איך געלעגן אין בעט; בײַלע מײַנע האָט געוויינט און אויפ׳ן קאָפּ האָט מיך געדריקט אַ זעקל אײַז.

— וואו איז שרה? די כלה, וואו איז? פאַלט מיר פּלוצלונג אײַן צו פרעגן.

מײַן בײַלע צעוויינט זיך ערשט אויף אַ קול:

— זי איז אַוועק — זאָגט זי — עפּעס אין אַ פאַבריק אַרײַן, אַרבעטן וויל זי...

וואָס קלערט איר? גאָר נישט!

איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן און האָב זיך אויפגעכאַפּט שוין דאָ.

---

# בײַ דעם פרעמדן חופּה-קלייד.

(אַ סצענע פון וואַרשעווער לעבן).
אין אַ מאָדע-מאַגאַזין.

פערזאָנען:

מאַדאַם, צוויי מאָדיסטקעס און האַנט-מיידלאַך.

---

מאַדאַם.

הײַנט ווערט געשטעפּט און גענייט,
הײַנט וועט מען לײַדיק נישט זיצן!
טורײַ — טורײַ — טורײַ!
זעט נאָר די גאַז, די שפּיצן!
זעט, ווי דאָס זײַדנס וועט בליצן!

אַ שלעפּע וועט זײַן גאָר אַ מורא!
אַוודאי צען אייזלען די שלעפּ!
הײַנט נאָך — בריליאַנטענע קנעפּ!
זעט — מען געטרויט אַזאַ סחורה!

## האַנט־מיידלאַך (כאָר).

אָט האָט איר אַ וואונדער,
כ׳לעבן, קיין שפּאַס!
צי הייסט דען נישט „פּאַווע״ —
יאָ פּאַווע — די גאַס,

וואו ס׳שטייט זיך אַ מויער
גאַנץ געלבלאַך און בלייך,
דאָך פעסט ווי אַ פעלזן,
דרײַ שטאָק אין דער הייך!

די פענסטער — אין אײַזן,
די טויערן — פאַרמאַכט...
עס גייט נאָך אַ זעלנער
אַרום אויף דער וואַך!

אַי! דאָרטן צו וואוינען
איז טרויעריק און באַנג!
עס שלאָגט דורך די מויערן
דאָס קייטן־געקלאַנג...

עס קלינגט אַזוי טרויעריק
דין־דאָן און דין־דאַם!
אַ, רירט נישט דאָס זײַדנס,
ניט טשעפּעט, מאַדאַם!

## די ערשטע מאָדיסטקע.

סאַטען־דע־ליאָן... און די שפּיצן, די גאַזן,

עס פעלט נאָך ברילאַנטן צום רומל...
דיוואַנען און בלומן און לאָמפּן... די כלה
וועט אויסזען — אַ מלאך פון הימל!

האַנט-מיידלאַך (כאָר).

נישט קיין גראָשן פאַר דער דירה,
און אין מויל קיין ביסן!
כ׳וויל ביים מלאך פאַרשום בעטן;
ניין, זי וויל נישט וויסן.

מלאך, גיב פאָרויס אַ רובל!
ניין, זי גיט נישט פריער!
כ׳וויל פאַרציילן איר פון הונגער,
ווייזט זי מיר די טיר!

אוי, עס זעצט מיר אין די שלייפן,
דאַכט זיך מיר, אָט-פאַל איך.
„נאָר אָן קונצן, נאָר אָן פאַקסן.“ —
לאַכט מיך אויס דער מלאך!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אוי, מיך האָט דעם מלאכ׳ס לאַכן
ביז אַהיים געהעצט!
און איך האָב דעם מלאכ׳ס זיידנס
אויף אַ ברויט פאַרזעצט!

און עס איז אַראָפּגעפאַלן
פלוצלונג ווי פון הימל,
אוי, דער מלאך מיט אַ לאַפּאַץ,
טאַקע ווי צום רומל!

און מיך האָט פאַרזאָרגט דער מלאך
אויף די גרויסע פרעסט,
אוי, אויף גאַנצע דריי חדשים
מיט קוואַרטיר און קעסט!

## די צווייטע מאָדיסטקע.

בלאָס איז דאָס זײַדנצײַג, פּונקט ווי מײַן פּנימ׳ל,
דורכזיכטיק־דין, ווי מײַן הויט...
רירט מען עס, קרעכצט עס „אוי!“, פּונקט מײַנע
ביינדעלאַך — —
דאָס הייסט אַ גליקלאַכע מויד!

הײַנט וועלן קומען בריליאַנטענע קנעפּלאַך,
גרויסע, ווי אָרימע טרערן!
נו, אײַל זיך רעדעלע, אײַל זיך, טרעקאָטשע,
כ׳זאָל מײַנע ביינדלאַך נישט הערן!

טראַך, טראַך, טראַך, ביינדעלע! טור, טור, טור, רעדעלע!
שלאָגט מיר דאָך גלײַך מיט׳ן זייגער...
טראַך, טראַך, טראַך, ביינדעלע! טור, טור, טור, רעדעלע!
ווען וועלן מיר רוען אַ שטייגער?

## האַנט־מיידלאַך (כאָר).

עס איז פאַראַן אַ שטיבעלע
אויף אַ שטילער גאַס!
ס׳האָט קײַן טיר, קײַן פענסטערל —
אייביק שטיל און נאַס!

כאָטש מען צאָלט קײַן דירה־געלט,
ווארפט מען נישט אַרויס!
דאָרטן רוען אויף אייביק שוין
די ביינדעלאַך זיך אויס!

פון קײַן שטעפּן ווייס מען נישט,
עס ווערט שוין נישט גענייט.
צום שטיבעלע קומט איטלאַכער
אויף אייביק שוין באַקלייד!

## די צווייטע מאָדיסטקע.

שטעפּ, נאָדל, שטעפּ די בראַבאַנדענע שפּיצן —
פאַר איר, פאַר איר!
תכריכים׳לאַך וועסטו נאָך גיך און באַלד שטעפּן --
פאַר מיר, פאַר מיר!

עס בליצן בריליאַנטן, עס שמייכלט די כלה׳שי —
שיין אַזוי, ליב!
ווען וועט אַ שמייכל מײַן פּנים באַשײַנען?
אין גריב, אין גריב!

ער וועט זי טוליען, צעקנייטשן די שפּיצן
אין האַרציקן שטורעם!
דיך ווער וועט גלעטן און פּיעסטשען און טוליען?
אַ וואָרים, אַ וואָרים!

## „לוסטיק לעבן“ (אַ יונג האַנט-מיידל).

וואָס פאַר׳סמ׳ט איר מיר דאָס לעבן?
זינגט נישט אַזוי שרעקלאַך!
כ׳האָב קײַן סאַמעט און קײַן אַטלעס —
נאָר די רויטע בעקלאַך!

כ׳האָב קײַן שפּיצן, קײַן בריליאַנטן —
ווייס איך, וואָס זיי טויגן!
כ׳האָב אַ האַלז, אַן אַלעבאַסטער,
צוויי בריליאַנטן — אויגן!

כ׳דאַרף קײַן פּערל, — זעט די ציינדלאַך,
אַך — ווי זיי געפעלן!
און די יונגע, פרישע ליפּלאַך
זענען מײַנע קרעלן!

פעלט מיר גאָלד דען? זעט די לאָקן!

און וואָס גליק איז — ווײַס איך!
לאָזט מיך לאַכן, לאָזט מיך לעבן,
„לוסטיק־לעבן“ הײַס איך!

## האַנט־מײדלאַך (אויסער לוסטיק־לעבן).

אויף יעדער גאַס, אין יעדן הויז,
שטײַט אַ קאַסטן מיסט!
קלויבן לאָזט מען פראַנק און פרײַ
שמאַטעס גאָר אומזיסט!

און — ווערט „לוסטיק־לעבן“ אַלט,
ווײַסט איר, וואָס איר גלוסט?
מאַכט אַ שטעקעלע זיך פײַן,
גראַבלט זיך אין מיסט!

## די ערשטע מאָדיסטקע.

יונגערהײַט אַ העזעלע,
געשפּרונגען און געקושט;
צונד האָט עס קײַן נעזעלע
און קײַן גומען נישט!

## די צווייטע מאָדיסטקע.

זי וועט זיצן צווישן בלומען
אויף אַ דיוואַן — רײַך!
און מיר — מאַכט אויף דר׳ערד אַ ביסל
שטרוי נאָר גלײַך!

זי דאַרף שפּיגלען, זשיראַנדאָלן,
לאָמפּן אַלערלײַ;
מיר צוקאָפּנס — גראָשנדיקע
ליכטלאַך צוויי!

אָן מוזיק אויך פירט מיך ליַיגן,
ווען אויך הײַנט בײַנאַכט;
ווילט איר דווקא — וויַינט אַ ביסל,
ווילט איר — לאַכט!

מ אַ ד אַ ם.

שטילער, שטילער, שטילער,
שטיל איַין אויגנבליק!
טוריַי — טוריַי — טוריַי!
אָט דאָס היַיסט מוזיק!

וואָס האָט איר פון די לידער?
דריקעניש, נישט מער!
עס ציטערן די ברעמען,
אָט, אָט פאַלט אַ טרער...

און אַז טרערן פאַלן
פון דער שווערער נויט
אויף די ווײַסע קליַידער,
ווערט אַ פלעק אויף טויט.

טוריַי — טוריַי — טוריַי!
אָט דאָס היַיסט מוזיק!
האָט איר ניט קײַן איַיגנס,
זינגט פון פרעמדן גליק!

אַ ל ע (כאָר).

עס איז געווען אַ מיַידעלע,
אַ מיַידעלע אַ פראַכט,
עסן עסט עס יעדן טאָג,
שלאָפט זיך יעדע נאַכט!

ליפּלאַך האָט זי רויטינקע,
רויטינקע, וואָס נישט?
נאָך נישט קײַן צעביסענע,

נאָך נישט אויסגעקושט!

און זי האַלט דאָס קעפּעלע
חנ׳עוודיק און שטאָלץ!
זאָרגט עס אויף אַ ברייטעלע,
קוילן אָדער האָלץ?

און אייגעלאַך — פאַר׳חלומ׳טע,
בלימעלאַך געגנוי!
בלימעלאַך און כלה־חן
ליגט אויף זיי ווי טוי!

צונד נייען מיר דעם מיידעלע
צו מזל און צו גליק
אַ זיידן חופּה־קליידעלע,
אַ קליידעלע אַ שיק!

מען וועט איר געין אַ מאַנעלע,
אַי, דעם יונגן בלוט...
אַי — אַי — אַי! דאָס מאַנעלע
קאָנען מיר דאָך גוט!

מ אַ ד אַ ם.

אוי, נאַרישע קנאה,
איך קען דיך פון לאַנג!
איך קען אויך דיין צינגל —
די גיפטיקע שלאַנג!

אוי, נאַרישע קנאה!
די גאַל איז דיין האַרץ.
גאָלד וואָס איז? בלאָטע!
דער שניי איז דיר שוואַרץ!

די זון האָט דאָך פלעקן,

די שטערן — צו קליין!
מיינט — זי פרעסט יענעם,
און פרעסט זיך אליין!

א ל ע (כאָר).

עס איז געווען א מאַמעלע,
א מאַמעלע א פיינם!
זי האָט געהאַט א טעכטערל,
א טעכטערל א קליינם!

און עס האָט דאָס מאַמעלע
דאָס טעכטערל געקושט,
געקושט, געהאַלזט, געוואָרנט עס:
זיי קיין נאַשער נישט!

קוק נישט אויף איינגעמאַכץ,
די אויגן האַלט פאַרגלייסט!
טו נאָר — וואָס דער טאַטע וויל,
און וואָס די מאַמע הייסט!

און וואָס גוטע, פרומע לייט
עס ראָטן דיר, מיין קינד!
זעסטו נאַשן, קוק אוועק!
בעסער — מאַך דיך בלינד!

זאָגט מען, חס ושלום, דיר:
„איינגעמאַכץ איז זים!“,
זאָלסטו ווערן פייער־פלאַם,
טופען מיט די פים!

פאַר דאָס וועל איך שפּעטער דיר
קויפן אויפ׳ן מאַרק,
אם־ירצה־השם, א ניסעלע;
ווייסט, איך בין נישט קאַרג!

פאַר א גאַנצן גראָשן געלט —
א ניסעלע פון גאָלד,

פאַר דיר אַליין אַ ניסעלע,
ווערסט עס האָבן האַלט!

פאַר אַ גאַנצן גראָשן געלט —
אַ נוס פאַר דיר אַליין...
און דו ווערסט עס קושן פריי
און קנאַקן מיט די ציין.

און עס פאָלגט דאָס טעכטערל,
וואָס טאַטע-מאַמע הייסט,
און זי האַלט אַ גאַנצן טאָג
די אייגעלאַך פאַרגלייסט.

רייטלט זיך, אַז איינגעמאַכץ —
זאָגט מען איר — איז זיס;
ס'צאַפּלט איר דאָס הערצעלע —
זי טופּעט מיט די פיס!

עס קומט די צייט, דאָס מאַמעלע
האַלט איר וואָרט, נישט קאַרג!
פאַר אַ גאַנצן גראָשן געלט
קויפט זי איר אין מאַרק

אַ פאַרגאָלדעט ניסעלע.
אַי, ס'איז מלא חן!
מיט ציטערדיקע הענטעלאַך
כאַפּט ז'עס אויף די ציין!

כאַפּט עס אויף די ציין און קנאַקט —
אַי, די נוס איז פויל!
עס שפּייט און שפּייט דאָס ווייבעלע —
טאַביק פול אין מויל!

— מאַמע, — וויינט דאָס טעכטערל, —
די יאַנדערע וואו איז?

מאַמעשי, און מאַמע־קרוין,
איז דאָס דער טעם פון נים?

דאָס האַרץ טוט ווי דער מאמעלע;
דאָס פנים מאַכט זי גלאַט: —
— „עס איז אַזוי! דײַן מאַמעלע
האָט אויך אַזוינס געהאַט!“

## מאַדאַם.

נישט דאָרט איז גליק, וואו צירונג בליצט,
וואו אײדלשטײנען מיט פונקען שפּריצט;
נישט אַלץ איז גאָלד, וואָס בלאַנקט און גלאַנצט;
נישט דאָס איז פרײד, וואָס לאַכט און טאַנצט.

עס מײַדט גאַנץ אָפּט דאָס גאָלדענע בעט
דער שלאָף; דעם גרויסן זאַל — די זעט;
ווי אויך דאָס גליק — דעם זאַק מיט געלט.
דאָס ווײסט שוין לאַנג די גאַנצע וועלט!

## די ערשטע מאָדיסטקע.

אַמאָל איז געוועזן, נאָר וואו? מן הסתם
דאָרט ערגעץ אין בויבעריק, אויף יענער זײַט ים!
נאָר — צו איז געוועזן? איר פרעגט נאָך, איר קלערט?
איך האָב עס אַלײן פון מײַן באָבען געהערט!

די מאַמע איז געשטאָרבן — דער טאַטע ז'אַוועק;
די טרויעריקע ווינטער־נאַכט האָט גאָר קײן עק!
די פענסטער — פאַרקאָוועט, די טיר איז פאַרשנײט,
און ס'רײַסט זיך דער ווינט, ווי אַ הונט אויף דער קײט!

הורורו — הורורו — וואָיעט און קלאָגט.
דאָס האַרץ איז דערשראָקן, עס ציטערט, עס נאָגט...
„באָבע!“—זי הערט נישט, נאָר „דיאַם־דיאַם־דיאַם!“
די טויבע פאַרציילט מיר פון יענער זײַט ים!

## אַ ל ע (כאָר).

גענוג שוין הקדמות,
נישט פלוידער, נישט קוועל;
פאַרגעם אין דער באָבן,
די מעשה פאַרציַיל!

## די ערשטע מאָדיסטקע.

אויף יענער זײַט ים איז געשטאַנען אַמאָל
אויף הינערשע פיסלאַך אַ הײַזל אין טאָל.
געשטאַנען זיך פּראָסטע, אָן עזות, אָן שטאָלץ,
אָן פּוצאַכץ, אָן צירונג — פון ליַים און פון האָלץ.
אַ פענסטער אַ קליַינטשיקס, נאָר חנ׳עוודיק האָלד;
די זון — זי באַשיט עס טאָג־טעגלאַך מיט גאָלד!
לבנה און שטערן
פאַרהאַלטן זיך גערן
און מאָלן מיט זילבער די שויבן!

דאָס האָט דער הימל די ליבע באַלוינט!
עס האָבן אין הײַזל צוויַי ברידער געוואוינט.
עס האַלטן צוויַי הערצער צוזאַמען געטריַי;
שווער איז די אַרבעט, נאָר ס׳אַרבעט זיך פריַי!
ווײַס איז דאָס מעבל, מיט קלײַען דאָס ברויט,
נאָר אַלץ איז בשותפות — די פריַיד און די נויט!
עס האָט זיך געלעבט,
די צײַט האָט געוועבט
איר לאַנגן, איר כשר׳ן פאָדים!

נאָר איַינמאָל באַוויַיזט זיך אַ גאַסט אויף דער שוועל,
פול גינגאָלד, שמאַראַגדן, עס פינקלט זײַן פעל:
די שלאַנג איז געקומען מיט גלאַנץ און מיט פּראַכט!
דער עלטערער ברודער דערזעט זי און טראַכט:
עס איז אויף דער וועלט דאָך עשירות פאַראַן!
ווען איך האָב אַ שמאַראַגד, איך, אָרימער מאַן,

כ׳פאַרקויף אים, וואָס ניט?
כ׳וואָלט אויפ׳ן יריד
געקויפט מיר צו מעלקן אַ קו!

די שלאַנגען—זײַ ווײַסן, וואָס ס׳טראַכט זיך בײַ לײַט:
זי ווינקט אים און רופט אים אַוועק אין אַ זײַט
און זאָגט אים: „אײ, ברודער! וואָלסטו נאָר געוואָלט,
וואָלסטו געהאַט שוין פול פעסער מיט גאָלד,
קרעלן, דיאַמאַנטן, בריליאַנטן אַ וועלט
און אַלץ, וואָס מען קאָן נאָר באַקומען פאַר געלט!
איך מאַך נישט קײן שפּאָט,
איך ווײס שוין דעם סוד,
איך קאָן דיר אים זאָגן אין וואַלד!"

די שלאַנג איז אַוועק, און דער אינגערער קלערט:
„ווי גאָט האָט זיך יעדן זײַן שײַנקײַט באַשערט!
גײ, פרעג אים: דער גלאַנץ און די שײַנקײַט וואָס טויג?"
בײַם עלטערן פלאַמט שוין די תאוה אין אויג:
קרעלן, דיאַמאַנטן, בריליאַנטן — אַך, גאָט!
זי זאָל נאָר נישט נאַרן און זאָגן דעם סוד!
ער קוקט אויפ׳ן וואַלד,
און גנב׳עט זיך באַלד
פון ב ר ו ד ע ר אַרוים צו דער ש ל אַ נ ג!

די זון גײט שוין אונטער, פאַרגאָלדט נאָך די זוים
פון וואָלקן אין הימל; און אונטער אַ בוים
זיצן שוין בײדע — דער מענש און די שלאַנג;
זײ זיצן צוזאַמען און שמועסן שוין לאַנג.
ער ציטערט און ווײסט נישט—פאַר פרייד, צי פאַר שרעק?
זי וויקלט דאָס האַרץ אים אַרום מיט׳ן עק
און רעדט פון דיאַמאַנטן,
קרעלן, בריליאַנטן:
„אַלץ וועסטו האָבן גאָר גרינג!"

„באטראכט נאָר דיין ברודער: דאָס איז אַ פאַבריק
פון קרעלן, בריליאַנטן, דיאַמאַנטן און גליק!
עס טרעפט זיך, ער אַרבעט, און וואונדערלאך הייס
ווערט אים, דער שטערן באַדעקט זיך מיט שווייס.
עס טריפן די טראָפּן... ער ווישט מיט דער האַנט.
לאָז נישט! דער טראָפּן דאָס איז אַ דיאַמאַנט!
נאָר אַרבעטן הייס!
קלויב אויף דעם שווייס!
שיטסטו אָן פעסער דיאַמאַנטן!"

„עס טרעפט—און אים פאַלט פון די ברעמען אַ טרער;
דו, שוטה, דו מיינסט, עס איז וואַסער, נישט מער,
און טרייסט אים, און האַלזסט אים; דו האַלסט עס נישט
אוים
און קושסט אים די טרערן פון ד׳אויגן אַרויס!
פאַרשווענדסט דיין פאַרמעגן, דו נאַרישער קאָפּ!
לאָז ווייִנען, לאָז ווייִנען! און קלויב יעדן טראָפּ!
אַ טראָפּ, האָב פאַרשטאַנד,
דאָס איז אַ בריליאַנט!
רייך ווערסטו זיין ווי אַ קעניג!"

„דערנאָך — האָט דיין ברודער אַן אייִדעלע פעל:
אַ שטאָך מיט אַ נאָדל — דו האָסט שוין אַ קרעל!
בלוט — זאָגסטו — איז עס, בלוט — זאָגסטו — אַ קאַפּ.
דו נאַר! עס איז קרעלן, דו צאַפּ נאָר און צאַפּ!
זאָל ער נאָר בלוטן און בלוטן נישט קאַרג!
אָנשיטן ווערסטו שוין קרעלן אַ באַרג!
דו האָסט אַ פאַבריק
און מאַך דיר דיין גליק;
ביסט שטאַרקער און ווייסט שוין דעם סוד!"

די ליפּן פאַרביסן, די פויסטן געבאַלט,
גייט שוין דער עלטערער ברודער פון וואַלד.

די אויגן — זײַ ברענען און זײַמען זיך שוואַרץ;
דאָך צאַפּלט די ליבע צום ברודער אין האַרץ.
ער טרײסט זיך: „איך וועל דאָך נאָר מאַכן אַ פּרואוו,
אַ שטאָך וועל איך געבן אַ קלײנעם, נישט טיף.
מײַן ברודער? איך ווײס!
נאָר טרערן און שווײס —
הערסטו דאָך — זענען בריליאַנטן!"

---

עס הערט די לבנה נאָך די אײגענע נאַכט,
ווי ס'האָט אינ'ם שטיבל געווײנט און געלאַכט.
עס קוקן די שטערן אין פענסטער אַרײַן:
ווי לאַכט עס אַ ברודער בײַם ברודערס געווײן?!
די זון האָט צומאָרגנס געוואונדערט זיך שטאַרק:
ווי שלאָגט עס אַ ברודער דעם צווײטן אין קאַרק?
עס וואונדערט צוגלײַך
דעם וואַלד און דעם טײַך:
וואָס איז עס אין שטיבל געשען?

---

און עס איז געקומען אויף בײדע גאָטס שטראָף!
דאָס גליק איז פאַרשוואונדן, עס ווײַכט זײ דער שלאָף;
אַוועק איז די ליבע, דער פרידען אַוועק! —
דער שלאָפט נישט פאַר ווײטיק, דער צווײטער — פאַר
שרעק.
דער שרײַט: ס'איז מײַן עשירות, מײַן רײַכטום, מײַן גוט!
און יענער: ס'איז טרערן, מײַן שווײס און מײַן בלוט!
דיאַם, דיאַם, דיאַם!
אויף יענער זײַט ים
רײַסט מען זיך שוין בײַ די האָר!

אַ ל ע (כאָר).
מען שלאָגט זיך, מען רײַסט זיך,
טראַך-טראַך, טראַך-טראַך! —

נאָר וואָס איז געווען
דער סוף פון דער זאַך?

דער סוף פון די ברידער
פון שרעקלאַכן הויז?
פאַרצײַל שוין און צי נישט
די הערצער אַרויס!

### די ערשטע מאָדיסטקע.

אוי, ס׳איז געווען אַ שרעקלאַכע נאַכט!
איך ליג בײַ דער באָבען אין שוים און איך טראַכט:
„וואָס לײַגט זיך דער שאָטן אַזוי לאַנג, אַזוי ברײַט?
וואָס רײַסט זיך דער ווינט, ווי אַ הונט אויף דער קײַט?
וואָס ברעכן די מויערן, וואָס רײַסט זיך דער דאַך?
צי הער איך די באָבען, צי בין איך נאָך וואַך?“

איך ליג בײַ דער באָבען אין שוים און איך טראַכט:
„צי זע איך אין חלום די שרעקלאַכע נאַכט?
צי הער איך אַ מעשה? צי בין איך דען וואַך?
וואו ברעכן די מויערן? וואו רײַסט זיך דער דאַך?
וואו רײַסט זיך דאָס הײַזל אַוועק פון זײַן אָרט?
הורורו — הורורו — דאָ אָדער דאָרט?“
שטענדיק געקלערט
און קײנמאָל געהערט
דעם סוף פון דער שרעקלאַכער זאַך!

### אַלע, אויסער מאַדאַם.

דער זײגער שלאָגט, אַי, צענע שלאָגט!
געענדיקט שוין די מי!
אַהײם, ווער נאָר אַהײם פאַרמאָגט,
אַהײם ביז אין דער פרי!

אין בעט אַרײַן, אַ בעט ווער ס׳האָט,
נאָר שלאָפן גײט, געדענקט אָן גאָט!

שלאָפן דאַרף די נויט!
שלאָפן איז אַ פײַן געשעפט:
מען רוט זיך אוים! און טײַל מאָל טרעפט,
עס חלום׳ט זיך — אַ ברויט!

אַך, צענע שלאָגט! צום עק די מי!
גוט־נאַכט, מאַדאַם!

מ אַ ד אַ ם.

קומט מאָרגן פרי!

## ב אָ נ ט ש ע ש ו ו י י ג.

ד אָ, אויף ד ע ר וועלט, האָט באָנטשע שווײַגם טויט קײַן אײַנדרוק נישט געמאַכט! פרעגט עמיצן בחרם: ו ו ע ר באָנטשע איז געווען, ו ו י אַזוי ער האָט געלעבט, אויף ו ו אָ ס ער איז געשטאָרבן! צי האָט אין אים דאָס ה אַ ר ץ געפּלאַצט, צי די כּ ו ח ו ת זענען אים אויסגעגאַנגען, צו דער מאַרכבײַן האָט זיך איבערגעבראָכן אונטער אַ שווערער לאַסט... ווער ווײַסט? אפשר איז ער גאָר פאַר הונגער געשטאָרבן!

אַ פערד אין טראַמוואַי זאָל פאַלן, וואָלט מען זיך מער אינטערע־סירט. עס וואָלטן צײַטונגען געשריבן, הונדערטער מענשן וואָלטן פון אַלע גאַסן געלאָפן און די נבלה באַקוקט; באַטראַכט אפילו דעם אָרט, וואו די מפּלה איז געווען...

נאָר דאָס פערד אין טראַמוואַי וואָלט אויך די זכיה נישט געהאַט, עס זאָל זײַן אַזוי פיל פערד, ווי מענשן — טויזנט מיליאָן!

---

באָנטשע האָט שטיל געלעבט און איז שטיל געשטאָרבן; ווי אַ שאָטן איז ער דורך — דורך א ו נ ז ע ר וועלט!

אויף באָנטשעס ברית האָט מען קײַן ווײַן נישט געטרונקען, עס האָבן קײַן כּוסות נית געקלונגען! צו בר־מצוה האָט ער קײַן קלינגענ־דיקע דרשה נישט געזאָגט... געלעבט האָט ער, ווי אַ גראָ קלײַן קערנדל

זאַמד ביים ברעג פון ים, צווישן מיליאָנען זיינס גלייכן. און אַז דער ווינט האָט אים אויפגעהויבן און אויף דער אַנדערער זייט ים אַריבער־געיאָגט, האָט עס קיינער נישט באַמערקט!

* ביים לעבן האָט די גאַסע בלאָטע קיין צייכן פון זיין פוס נישט באַהאַלטן; נאָכ'ן טויט — האָט דער ווינט דאָס קליינע ברעטל פון זיין קבר אומגעוואָרפן; דעם קברנ'ס ווייב האָט עס געפונען ווייט פון קבר און דערביי אַ טעפּל קאַרטאָפל אָפּגעקאָכט... עס איז דריי טעג נאָך באָנטשעס טויט, פרעגט דעם קברן בחרם, וואו ער האָט אים געלייגט!

וואָלט באָנטשע אַ מצבה געהאַט, וואָלט אפשר איבער הונדערט יאָר אַן אַלטערטומס־פאָרשער זי געפונען; און דער נאָמען „באָנטשע שווייג“ וואָלט נאָך אַמאָל איבערגעקלונגען אין א ו נ ז ע ר לופט!

אַ שאָטן! זיין פאָטאָגראַפיע איז נישט געבליבן ביי קיינעם אין מוח, ביי קיינעם אין האַרץ; עס איז פון אים קיין זכר ניט געבליבן!

„קיין קינד, קיין רינד“; עלנד געלעבט — עלנד געשטאָרבן!

ווען נישט דאָס מענשלאַכע גערודער, וואָלט אפשר עמיצער אַמאָל דערהערט, ווי באָנטשעס מאַרכבויין האָט אונטער דער לאַסט געקנאַקט. וואָלט די וועלט מער צייט געהאַט, וואָלט עמיצער אפשר אַמאָל באַמערקט, אַז באָנטשע (אויך אַ מענש) האָט לעבעדיקערהייט צוויי אויסגעלאָשענע אויגן און שרעקלאַך איינגעפאַלענע באַקן; אַז אפילו ווען ער האָט גאָר שוין קיין לאַסט נישט אויף די פּלייצעס, איז אים אויך דער קאָפּ צו דער ערד געבויגן, גלייך ער וואָלט לעבעדיקערהייט זיין קבר געזוכט! וואָלטן אַזוי ווייניק מענשן ווי פערד אין טראַמוואַי געוועזן, וואָלט אפשר אַמאָל עמיצער געפרעגט: וואו איז באָנטשע אַהינגעקומען?!

ווען מען האָט באָנטשען אין שפּיטאָל אַריינגעפירט, איז זיין ווינקל אין סוטערינע נישט לעדיק געבליבן — עס האָבן דערויף צען זיינס־גלייכן געוואַרט און צווישן זיך דעם ווינקל „אין־פּלום“ ליצי־טירט; ווען מען האָט אים פון שפּיטאָל אין טויטן־שטיבל אַריינגע־טראָגן, האָבן אויפ'ן בעט צוואַנציק אָרימע קראַנקע געוואַרט... ווען ער איז אַרויס פון טויטן־שטיבל, האָט מען צוואַנציק הרוגים פון

אונטער אַן איינגעפאַלן הויז געברענגט. ווער ווייסט, ווי לאַנג ער וועט רואיק וואוינען אין קבר? ווער ווייסט, וויפיל עס וואַרטן אויף דעם שטיקל פלאַץ?...

שטיל געבוירן, שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבן און נאָך שטילער באַגראָבן.

.......................................

נאָר נישט אַזוי איז געוועזן אויף י ע נ ע ר וועלט! ד אָ ר ט ן האָט באָנטשעס טויט אַ גרויסן איינדרוק געמאַכט!

דער גרויסער שופר פון משיח׳ס צייטען האָט געקלונגען אין אַלע זיבן הימלען: באָנטשע שווייג איז נ פ ט ר געוואָרן! די גרעסטע מלאכים מיט די ברייטסטע פליגל זענען געפלויגן און איינער האָט דעם אַנדערן איבערגעגעבן: באָנטשע איז „נתבקש געוואָרן בישיבה של מעלה“! אין גן־עדן איז אַ רעש, אַ שמחה, אַ גערודער: „באָנטשע שווייג! אַ שפּאַס — באָנטשע שווייג!!!“

יונגע מלאכים׳לאַך מיט בריליאַנטענע אייגעלאַך, גאָלדענע דראָט־אַרבעטענע פליגעלאַך און זילבערנע פאַנטעפעלאַך זענען באַנטשען אַקעגן געלאָפן מיט שמחה! דער גערויש פון די פליגל, דאָס קלאַפּן פון די פאַנטעפעלאַך און דאָס פריילאַכע לאַכן פון די יונגע, פרישע, ראָזיקע מײַלעכלאַך האָט פאַרפולט אַלע הימלען און איז צוגעקומען ביז צום כסא־הכבוד, און גאָט אַליין האָט אויך שוין געוואוסט, אַז באָנטשע שווייג קומט!

אברהם אָבינו האָט זיך אין טויער פון הימל געשטעלט, די רעכטע האַנט אויסגעשטרעקט צום ברייטן „שלום־עליכם!“, און אַ זיסער שמייכל שײַנט אַזוי העל אויף זײַן אַלטן פּנים!

וואָס רעדלט אַזוי אין הימל?

דאָס האָבן צוויי מלאכים אין גן־עדן אַריין פאַר באָנטשען וועגן אַ גינגאָלדענע פאָטערשטול אויף רעדלאַך געפירט!

וואָס האָט אַזוי העל געבליצט?

דאָס האָט מען דורכגעפירט אַ גאָלדענע קרוין, מיט די טײַערסטע שטיינער געזעצט! אַלץ פאַר באָנטשען!

— נאָך פאַר׳ן פּסק פון בית־דין של־מעלה? — פרעגן די צדיקים פאַרוואונדערט און נישט גאָר אָן קנאה.

— אָ! — ענטפערן די מלאכים.—דאָס וועט זיין אַ פּראָסטע פּוסטע פאַרמע! גענן באָנטשע שוויַיג וועט אַפילו דער קטיגור קיין וואָרט אין מויל נישט געפינען! די „דיעלע“ וועט דויערן פינף מינוט!

— איר שפּילט זיך מיט באָנטשע שוויַיג?

---

אַז די מלאכים׳לאַך האָבן באָנטשען געכאַפּט אין דער לופט און אָפּגעשפּילט אים אַ זמר; אַז אברהם אָבינו האָט אים, ווי אַן אַלטן קאַמעראַד, די האַנט געשאָקלט; אַז ער האָט געהערט, אַז זיין שטול איז גרייט אין גן־עדן; אַז אויף זיין קאָפּ וואַרט אַ קרוין; אַז אין בית־דין של־מעלה וועט מען איבער אים קיין איבעריק וואָרט נישט רעדן,— האָט באָנטשע, גלייך ווי אויף יענער וועלט, גשוויגן פאַר שרעק! עס איז אים דאָס האַרץ אַנטגאַנגען! ער איז זיכער, אַז דאָס מוז זיין אַ חלום אָדער אַ פּראָסטער טעות!

ער איז צו ביידע געוואוינט! נישט איינמאָל האָט זיך אים אויף יענער וועלט גע׳חלומ׳ט, אַז ער קלייבט געלט אויף דער פּאָדלאָגע, גאַנצע אוצרות ליגן... און אויפגעכאַפּט האָט ער זיך נאָך אַ גרעסערער קבצן ווי נעכטן... נישט איינמאָל האָט עמיץ פאַר טעות צוגעשמייכלט, אַ גוט וואָרט געזאָגט און איבערגעדרייט זיך און אויסגעשפּיגן...

— מיין מזל — טראַכט ער — איז שוין אַזוי!

און ער האָט מורא די אויגן אויפצוהייבן, דער חלום זאָל נישט פאַרשווינדן; ער זאָל זיך נישט אויפכאַפּן ערגעץ אין אַ הייל צווישן שלאַנגען און עקדישן! ער האָט מורא פון מויל אַ קלאַנג אַרויסצולאָזן, מיט אַ גליד אַ ריר צו טאָן — מען זאָל אים נישט דערקענען און אַוועקשליידערן אויף כף־הקלע.

ער ציטערט און הערט ניט די מלאכים׳ס קאָמפּלימענטן, זעט נישט זייער טאַנצן אַרום אים, ער ענטפערט נישט אברהם אָבינו אויפ׳ן הערצלאַכן „שלום עליכם“, און געפירט צום בית־דין של־מעלה, זאָגט ער אים קיין „גוטמאָרגן“ נישט...

אויסער זיך איז ער פאַר שרעק!

און זײַן שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרן, אַז ער האָט, נישט ווילנדיק, דערזען די פּאַדלאָגע פון בית־דין של־מעלה! סאַמע אַל־באַסטער מיט ברילִיאַנטן! „אויף אַזאַ פּאָדלאָגע שטייען מײַנע פּיס!"— ער ווערט אין גאַנצן פאַרשטאַרט! „ווער ווייסט, וועלכן גביר, וועלכן צדיק מען מיינט... ער וועט קומען — וועט זײַן מײַן פינסטערער סוף!"

פאַר שרעק האָט ער אַפילו ניט געהערט, ווי דער פּרעזעס האָט בפירוש אויסגערופן: „די דיעלע פון באָנטשע שווײַג!" און דער־לאַנגענדיק דעם מליץ־יושר די אַקטן, געזאָגט: לעז, נאָר בקיצור!"

מיט באָנטשען דרייט זיך דער גאַנצער סאַלאָן, עס רוישט אים אין די אויערן. אינ׳ם גערויש הערט ער דאָך אַלע מאָל שאַרפער דעם מלאך מליצ׳ם זים קול ווי אַ פידל:

— זײַן נאָמען — הערט ער — האָט אים געפּאַסט ווי צו׳ן אַ שלאַנק לײַב אַ קלייד פון אַן אַרטיסט אַ שנײַדערס האַנט".

— וואָס רעדט ער? — פרעגט זיך באָנטשע, און ער הערט ווי אַן אומגעדולדיק קול האַקט אים איבער און זאָגט:

—נאָר אָן משלים!

—ער האָט זיך קיינמאָל — הייבט ווײַטער אָן דער מליץ־יושר — אויף קיינעם נישט געקלאָגט: נישט אויף גאָט, נישט אויף לײַט; אין זײַן אויג האָט קיינמאָל נישט אויפגעפלאַמט קיין פונק פון האַס; ער האָט עס קיינמאָל נישט אויפגעהויבן מיט אַ פּרעטענזיע צום הימל.

באָנטשע פאַרשטייט ווײַטער נישט אַ וואָרט, און דאָס האַרטע קול שלאָגט ווײַטער איבער:

— אָן רעטאָריק!

— איוב האָט נישט אויסגעהאַלטן, ע ר איז אומגליקלאַכער געוועזן — —

— פאַקטן, טרוקענע פאַקטן! — רופט נאָך אומגעדולדיקער דער פּרעזעס.

— ער האָט אַלץ געשוויגן (פירט ווײַטער דער מליץ־יושר). אַפילו ווען די מוטער איז אים געשטאָרבן און ער האָט צו דרײַצן יאָר אַ שטיפמאַמע באַקומען... אַ שטיפמאַמע אַ שלאַנג, אַ מרשעת...

מיינט מען דאָך אפשר פאָרט מיך? — טראַכט באָנטשע.

— אָן אינסינואַציעס אויף דריטע פּערזאָנען. — בייזערט זיך דער פּרעזעס.

— זי פלעגט אים קאַרגן דעם ביסן... איינגעכטיק פּאַרשימלט ברויט... האָר־פלאַקס פאַר פלייש... און זי האָט קאַווע מיט סמעטענע געטרונקען.

— צו דער זאַך! — שרייט דער פּרעזעס.

— זי האָט אים פאַר דאָס קיין נעגל נישט געקאַרגט און זיין ברוין־און־בלאָ לייב פלעגט ארויסקוקן דורך אַלע לעכער פון זיינע פאַרשימלט־צעריסענע קליידער... ווינטער, אין די גרעסטע פרעסט, האָט ער איר באָרוועס אויפ׳ן הויף האָלץ געהאַקט, און די הענט זענען צו יונג און צו שוואַך געווען, די קלעצלאַך צו דיק, די האַק צו שטומפּ... נישט איינמאָל האָט ער זיך די האַנט פון די געלענקען אויסגעריסן, נישט איינמאָל האָט ער זיך די פיס אָפּגעפרוירן, נאָר ג ע ש ו ו י ג ן האָט ער, אפילו זיך פאַר׳ן פאָטער —

פאַר׳ן שיכור! — לאַכט דער קטיגור, און באַנטשען ווערט קאַלט אין אַלע אברים —

— נישט געקלאָגט. — ענדיקט דער מליץ־יושר דעם זאַץ.

— און שטענדיק עלנד: — פירט ער וויַיטער: — קיין חבר, קיין תלמוד־תורה, קיין חדר... קיין גאַנץ בגד... קיין פרייע מינוט — — —

— פאַקטן! — רופט וויַיטער דער פרעזעס.

— ער האָט געשוויגן אַפילו שפּעטער, ווען דער פאָטער האָט אים שיכור׳ערהייט אַמאָל אָנגעכאַפּט ביי די האָר און אין מיטן אַ שנייענדיקער ווינטער־נאַכט אַרויסגעוואָרפן פון שטוב! ער האָט זיך שטיל אויפגעהויבן פון שניי און איז אַנטלאָפן, וואו די אויגן האָבן אים געטראָגן...

אויפ׳ן גאַנצן וועג האָט ער געשוויגן... ביים גרעסטן הונגער האָט ער נאָר מיט די אויגן געבעטלט!

ערשט אין אַ שווינדלדיקער, נאַסער פרילינג־נאַכט איז ער אין אַ גרויסער שטאָט אַריין געקומען; ער איז אַריין ווי אַ טראָפּן אין אַ ים, און דאָך האָט ער די אייגענע נאַכט אין אַרעסט פאַרבראַכט...

ער האָט געשוויגן, נישט געפרעגט פאַר וואָס, פאַר ווען? ער איז אַרוים און די שווערסטע אַרבעט געזוכט! נאָר ער האָט געשוויגן!

שווערער פאַר דער אַרבעט איז געווען זי צו געפינען — ער האָט געשוויגן!

באָדנדיק זיך אין קאַלטן שווייס, צוזאַמענגעדריקט אונטער דער שווערסטער לאַסט, ביים גרעסטן קראַמף אין ליידיקן מאָגן — האָט ער געשוויגן!

באַשפּריצט פון פרעמדער בלאָטע, באַשפּיגן פון פרעמדע מיילער, געיאָגט פון טראָטואַרן מיט דער שווערסטער לאַסט אַראָפּ אין גאַסן צווישן דראָשקעס, קאַרעטן און טראַמוואַיס, קוקנדיק יעדע מינוט דעם טויט אין די אויגן אַריין — האָט ער געשוויגן!

ער האָט קיינמאָל נישט איבערגערעכנט, וויפיל פוד לאַסט עס קומט אוים אויף אַ גראָשן, וויפיל מאָל ער איז געפאַלן ביי יעדן גאַנג פאַר אַ דרייער, וויפיל מאָל ער האָט שיר די נשמה אויסגעשפּיגן, מאָנענדיק זיין פאַרדינסט; ער האָט נישט גערעכנט, נישט זיין, נישט יענעמס מזל, נאָר געשוויגן!

זיין אייגן פאַרדינסט האָט ער אויך נישט הויך געמאָנט! ווי אַ בעטלער האָט ער זיך ביי דער טיר געשטעלט, און אין די אויגן האָט זיך אַ הינטישע בקשה געמאָלט! „קום שפּעטער.“ — און ער איז פאַרשוואונדן שטיל ווי אַ שאָטן, כדי שפּעטער נאָך שטילער אוים־צובעטלען זיין פאַרדינסט!

ער האָט אפילו געשוויגן, ווען מען פלעגט אים אָפּרייסן פון זיין פאַרדינסט אָדער אַריינוואַרפן אַ פאַלשע מטבע...

ער האָט אַלץ געשוויגן...

— מיינט מען דאָך טאַקע מיך! — טרייסט זיך באָנטשע.

— איינמאָל — פירט ווייטער דער מליץ־יושר נאָך אַ טרונק־וואַסער — איז אין זיין לעבן אַן ענדערונג געשען... עס איז דורכגע־פלויגן אַ קאָטש אויף גומענע רעדער מיט צעפלאָשעטע פערד... דער שמייסער איז שוין לאַנג פון ווייטנס געלעגן מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ אויפ׳ן ברוק... פון די דערשראָקענע פערדס מיילער שפּריצט דער שוים; פון אונטער די פּאָדקעוועס יאָגן זיך פונקען; די אויגן

בלישטשען, ווי ברענענדיקע שטורקאַצן אין פינסטערער נאַכט — און אין קאָטש זיצט נישט טויט, נישט לעבעדיק אַ מענש!

און באָנטשע האָט די פערד פאַרהאַלטן!

און דער גרעסטעוועטער איז געווען אַ איד אַ בעל־צדקה און האָט באַנטשען די טובה נישט פאַרגעסן!

ער האָט אים דעם געהרג׳עטנס בײַטש איבערגעגעבן; באָנטשע איז אַ שמײַסער געוואָרן! נאָך מער — ער האָט אים אויך חתונה געמאַכט.

— מיך מײַנט מען, מיך!—באַפעסטיקט זיך באָנטשע אין דער דעה און האָט דאָך די העזה נישט אַן אויג צו וואַרפן אויפ׳ן „בית־דין של־מעלה“...

ער הערט זיך ווײַטער אײַן צום מלאך־מליץ:

— ער האָט געשוויגן אַפילו, ווען זײַן בעל־טובה האָט אין קורצן באַנקראָטירט און אים זײַן לוין נישט באַצאָלט...

ער האָט געשוויגן אַפילו, ווען דאָס ווײַב איז אים אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט אים אַ קינד פון דער ברוסט...

ער האָט געשוויגן אַפילו מיט פופצן יאָר שפּעטער, ווען דאָס קינד איז אויפגעוואַקסן און גענוג שטאַרק געווען — באָנטשען אַרויסצוּוואַרפן פון שטוב...

— מיך מײַנט מען, מיך! — פרײַט זיך באָנטשע.

---

— ער האָט אַפילו געשוויגן, — הייבט אָן ווייכער און טרויעריקער דער מלאך־מליץ, — ווען דער אייגענער בעל־טובה האָט זיך מיט אַלע אויסגעגליכן, נאָר אים קיין גראָשן שכירות נישט צוריקגעגעבן; און אַפילו דעמאָלט, ווען ער איז באָנטשען (ווײַטער פאָרנדיק אויף אַ קאָטש מיט גומענע רעדער און פערד ווי לייבן) איבערגעפאָרן...

ער האָט אַלץ געשוויגן! ער האָט אַפילו דער פּאָליציי נישט געזאָגט, ווער עס האָט אים צו רעכט געמאַכט...

ער האָט געשוויגן אַפילו אין שפּיטאָל, וואו מען מעג שוין שרייען!

ער האָט געשוויגן אפילו, ווען דער דאָקטאָר האָט אָן פופצן קאָפּיקעס נישט געוואָלט צוגיין צו זיין בעט, און דער וועכטער אָן פינף קאָפּיקעס — טוישן אים די וועש!

ער האָט געשוויגן ביים גוסס — ער האָט געשוויגן ביים שטאַרבן. קיין וואָרט געגן גאָט, קיין וואָרט געגן לייט!

— דיקסי!

---

באָנטשע הייבט ווייטער אָן צו ציטערן אויפן גאַנצן לייב. ער ווייסט, אַז נאָכן מליץ-יושר גייט דער קטיגור! ווער ווייסט, וואָס ד ע ר וועט זאָגן! באָנטשע אַליין האָט זיין לעבן נישט געדענקט. נאָך אויף יענער וועלט האָט ער יעדע מינוט די פריערדיקע פאַרגעסן... דער מלאך-מליץ האָט אים דערמאָנט... ווער ווייסט, וואָס דער קטיגור וועט אים דערמאָנען!

— רבותי! — הייבט אָן אַ שאַרף-שטעכנדיק-בריענדיק קול. נאָר ער האַקט אָפּ.

— רבותי! — הייבט ער נאָך אַמאָל אָן, נאָר ווייכער און האַקט ווייטער אָפּ.

ענדלאַך הערט זיך, פון דעם אייגענעם האַלז אַרויס כמעט אַ ווייך קול:

— רבותי! ע ר האָט געשוויגן, וועל איך אויך שווייגן!

עס ווערט שטיל — און פון פאָרנט הערט זיך אַ נייע ווייכע ציטערדיקע שטימע:

— באָנטשע, מיין קינד באָנטשע! — רופט עס ווי אַ האַרפע... — מיין האַרציק קינד באָנטשע!

אין באָנטשען צעוויינט זיך דאָס האַרץ... ער וואָלט שוין צינד די אויגן געעפנט, נאָר זיי זענען פאַרפינסטערט פון טרערן... עס איז אים אַזוי זיס-וויינענדיק קיינמאָל נישט געווען... „מיין קינד", „מיין באָנטשע" — זייט די מוטער איז געשטאָרבן, האָט ער אַזאַ קול און אַזוינע ווערטער נישט געהערט.

— מיין קינד! — פירט ווייטער דער אַב-בית-דין. — דו האָסט אַלץ געליטן און געשוויגן! עס איז נישטאָ קיין גאַנץ גליד, קיין גאַנץ

ביינדל אין דיין לייב אָן אַ וואונד, אָן אַ בלוטיק אָרט; עס איז נישטאָ קיין איין באַהאַלטן אָרט אין דיין נשמה, וואו עס זאָל נישט בלוטן... און דו האָסט אַלץ געשוויגן...

דאָרט האָט מען זיך נישט פאַרשטאַנען דערויף. דו אַליין האָסט גאָר אפשר נישט געוואוסט, אַז דו קענסט שרייען, און אַז פון דיין געשריי קענען יריחו׳ס מויערן ציטערן און איינפאַלן! דו אַליין האָסט פון דיין פאַרשלאָפענעם כוח נישט געוואוסט...

אויף יענער וועלט האָט מען דיין שווייגן נישט באַלוינט; נאָר דאָרט איז דער עולם השקר, דאָ אויפ׳ן עולם אמת וועסטו דיין לוין באַקומען!

דיך וועט דאָס בית־דין של־מעלה נישט משפט׳ן, דיר וועט עס נישט פסק׳ענען, דיר וועט עס קיין חלק נישט אוים־און נישט אָפּ־טיילן! נעם דיר, וואָס דו ווילסט! אַ ל ץ איז דיין!

באָנטשע הייבט דאָס ערשטע מאָל די אויגן אויף! ער איז ווי פאַרבלענדט; אַלץ בלאַנקט, אַלץ בליצט, פון אַלץ יאָגן שטראַלן.

און ער לאָזט די מידע אויגן אַראָפּ.

— טאַקע? — פרעגט ער מסופק און פאַרשעמט.

— זיכער! — ענטפערט פעסט דער אַב־בית־דין! — זיכער, זאָג איך דיר, אַז אַלץ איז דיינס, אַלץ אין הימל געהערט צו דיר! וויילן אַלץ, וואָס דאָ בלאַנקט און בליצט, איז נאָר אַן אָפּשיין פון דיין פאַרשוויגענער גוטקייט; אַן אָפּגלאַנץ פון דיין נשמה! דו נעמסט נאָר ביי ד י ר אַליין!

— טאַקע? — פרעגט באָנטשע נאָך אַמאָל, שוין מיט אַ זיכערערן קול.

טאַקע! טאַקע! טאַקע! — ענטפערט מען אים אויף זיכער פון אַלע זייטן.

— נו, אויב אַזוי, — שמייכלט באָנטשע, — וויל איך טאַקע אַלע טאָג אין דערפרי אַ הייסע בולקע מיט פרישער פוטער!

דיינים און מלאכים האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ פאַרשעמט; דער קטיגור האָט זיך צעלאַכט.



# ביים פאקיר.

צו א פאקיר קומט ארײַן א מענש, וואָס לאָזט זיך זײַער שווער־לאך באשרײַבן: באָרוועס, מיט אלט־צעריסענע קלײַדער אויפ׳ן דארן לײַב, און דאָך איז יעדע באוועגונג זיכער, כמעט שטאָלץ. די גערונצלטע פארמעטהויט אויפ׳ן געזיכט זאָגט, אז ער איז אלט, זײַער אלט, און דער בליק פון גרויסע, שווארצע אויגן איז שטרענג און פול קראפט פון א יונגן מאן. די ליפן בלאָלאך און צעפלאצט, און ביי די ווינקלען פון שמאָלן מויל בלאָנדזשעט דאָך א שמײַכל פון בענקשאפט, איראָניע און גוטקײַט צוזאמען.

דער פאקיר שטײַט אויף און גײַט אים אקעגן, וואָס ער טוט זעלטן פאר רײַכע און גרויסע לײַט.

— איך האָב צו דיר א בקשה. — זאָגט דער גאסט.

— זאָג, וואָס דײַן פארלאנג איז. — ענטפערט דער פאקיר.

— ועסטו מיר טאָן, וואָס איך וויל?

— אויב איך וועל וועלן — ענטפערט דער פאקיר און גיט צו מיט עניוות: — און אויב איך וועל קאָנען.

— דו קאָנסט, דאָס ווײַס איך. — זאָגט דער גאסט, און זײַן שטימע קלינגט וואָס אמאָל העלער און ערנסטער צוזאמען. — איך האָב עס פון דיר נישט אײַנמאָל געזען, נאָר נישט א ו מ ז י ס ט...

— און דו קאָנסט נישט באצאָלן?

— פילײַכט... דאָך...

— מיט וואָס? — פרעגט דער פאקיר און מוסטערט נאָך אמאָל דעם אָפגעריסענעם שטאָלצן גאסט... האָסטו נישט, מײַן קינד, ערגעץ...

— גע׳גנב׳עט? נײַן... נישט מיט געלט וויל איך דיר באצאָלן... מיט מײַן אײַגענער געשיכטע.

— זי איז אזוי וויכטיק? זי וועט מ י ר צונוץ קומען?

— וויכטיק, ווי פאר אײַנעם... צי זי וועט דיר צונוץ קומען, ווײַס איך נישט... דאָך וועט זי דיך באפרײַען פון מי און מאטער.

— ווי אזוי?

— מיין אַריינקומען, מיין פּערזאָן, האָט אויף דיר אַן איינדרוק געמאַכט. איך האָב דיך פּאַראינטערעסירט... אַז איך וועל אַוועקגיין מיט אַ פאַרשלאָסן מויל, וועסטו נישט איינמאָל פאַרטראַכטן זיך און קלערן: ווער איז ער געוועזן? וואָס האָט ער געקאָנט וועלן? און אַ פּאַקירס צייט איז טייער, זיינע געדאַנקען — נאָך טייערער! פון צייט און געדאַנקען לעבט אַ פּאַקיר!

דער פּאַקיר האָט געקלערט אַ ווײַלע, ער האָט זיך געפּרואווט, ווי ווײַט ער איז ווירקלאַך פאַראינטערעסירט מיט'ן גאַסט, צי ער וועט ווירקלאַך דעריבער קלערן.

די צייט באַנוצט דער גאַסט און זאָגט ווײַטער:

— דו ביסט אַלט, פּאַקיר, זייער אַלט! אַלע דיינע געפילן זענען אויסגעטריקנט... דיין האַרץ געפינט שוין אין גאָר נישט קיין פריייד... מיט'ן קאָפּ לעבסטו נאָך... דאָס געהירן איז נאָך דאָס איינציקע גליד אין דיר, וואָס לעבט נישט נאָר אויס לויטער געוואוינהייט; נאָר דיין מוח האָט נאָך זיינע ליידן און פריידן, ער קלערט און וויל וויסן... טו דיין קאָפּ צוליב; זאָל ער האָבן נאָך אַן איינדרוק פון דער וועלט, איידער ער וועט אויך בלייבן מיד און פויל צו שטאַרבן...

— גוט! — באַשטייט דער פּאַקיר.

זיי זעצן זיך, דער גאַסט פאַרציילט:

* *

— קליינערהייט האָב איך אַמאָל שפּאַצירט מיט מיין פאָטער צווישן די בערג אונטער'ן שלאָס...

— איר האָט אין אַ שלאָס געוואוינט?

— יאָ. מיר האָבן איבערגעשראָקן אַן אָדלער, און ער איז אַרויפגעשאָסן צום הימל.

„איך וואָלט אויך געוואָלט אַזוי פליען". — האָב איך הויך געטראַכט.

„דו וועסט עס אויך טאָן", — האָט מיר דער פאָטער געענטפערט, — „נאָר נישט אין דער לופט. די לופט איז נישט אונזער עלעמענט; מיר קאָנען אין איר און דעריבער — פ ו ן איר נישט לעבן"... „און פליען — זאָגט ער ווײַטער — וועסטו צום

הימל — דאָס זענען די בלאָע, די זײַדענע בלאָע, מיט גאָלדענע שטערן אויסגעשטיקטע טאַפּעטן אין אונזער קעניגלאַכן פּאַלאַץ... און גלײַך צו דער זון — דאָס איז דער קעניג אַליין... די שטראַלן פון זײַן גנאָד זענען ליכטיקער און וואַרימער, און זיי זענען נישט פאַר אַלע, נישט פאַר יעדן בעסטן"...

איך האָב די ווערטער דערנאָך איבערגעגעבן מײַן לערער, אויך אַ פּאַקיר ווי דו. זײַן געזיכט האָט זיך דערביי נישט געענדערט. קאַלט און שטרענג האָט ער מיר געזאָגט:

— „דער אָדלער, אויב ער וויל לעבן, מוז ער עסן, און עסן — מוז ער אַראָפּ אויף דער ערד... עסנוואַרג ליגט נידעריק, אָפט אין בלאָטע".

— זייער קלוג.

— איך האָב אים דאָך נישט פאַרשטאַנען און אינ'ם גאַנצן גע־שפּרעך פאַרגעסן.

*    *

צוריק אויף די געדאַנקען זענען מיר די ווערטער געקומען ערשט דעמאָלט, ווען איך בין ערשטער מיניסטער געוואָרן.

— מאַנציפּוצי?

— אַזוי פלעג איך הייסן.

— און היינט?

— האָב איך קיין נאָמען נישט.

— ווען איז עס געשען?

— שוין איייניקע יאָר... עס פרייט מיך פאַר דיר, אַז דו האָסט פון דעם אַלעם נישט געוואוסט... אַז דאָס לעבט אַזוי הויך, אַזוי טיף אָדער אַזוי ווײַט פון מײַן געווען לעבן!

— איינמאָל בין איך געשטאַנען אַזוי לאַנג און אַזוי טיף געבויגן פאַר דער זון, אַז עס איז מיר, נישט ווילנדיק, געקומען דער געדאַנק אין קאָפּ אַרײַן, מקנא צו זײַן די זײַלן אין פּאַלאַץ, וואָס האַלטן אים אויך אונטער און בייגן זיך נישט...

— דו האָסט עס געזאָגט?

— ניין, מײַנע ליפּן זענען נאָך נישט געוואוינט געווען דערצו;

נאָר דער מאַרכבֿיִין!... אָן אומגעדולדיקע באַוועגונג האָב איך געמאַכט... די זון האָט עס באַמערקט...

— און דו לעבסט?

— גרויס איז געווען זײַן ליבשאַפֿט צו מיר; מען האָט מיך נאָר פֿאַר אַ לבנה געמאַכט, אַ פּראָווינץ איבערגעגעבן...

— ביסט צופֿרידן געווען?

— אַ צײַט... ביז די זון איז דורכגעפֿאָרן, און די לבנה האָט זיך ווייניק געבוקט...

— און?

— מען האָט מיך דעגראַדירט אויף אַ שטערן... אַ שטאָט האָב איך באַקומען...

— און האָסט רעגירט, ביז די לבנה איז געקומען...

— ריכטיק... דער מאַרכבֿיִין האָט וואָס אַמאָל זיך ווייניקער געבויגן... איך בין אַרײַן אין דער מילך־שטראָסע; צווישן מיליאָנען קלײנע שטערנדלאַך —

— און?

אַלץ דער מאַרך־בֿיִין!... מען האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיט'ן באַמבוס און אַרויסגעוואָרפֿן פֿון — הימל!

— און דײַן פֿאָטער, דער שטאָלצער שלאָס־הער?

— ער האָט עס נישט אויסגעהאַלטן און האָט מיר אַ גרויסע ירושה געלאָזט; איך האָב מיר געקאָנט פֿאַר זיך אַלײן אַ קלײנעם הימל מאַכן...

— האָסט עס נ י ש ט געטאָן?

— נײן, איך האָב אַן אַנדערע לײדנשאַפֿט געהאַט. איך האָב געוואָלט, וואָס אַלע, אײנגנטלאַך, ווילן: אַנדערע זאָלן ענלאַך זײַן צו מיר; מען זאָל זיך אויפֿהערן בוקן.

— אַ געפֿערלאַכע לײדנשאַפֿט...

— איך האָב אײַנגעקויפֿט עסנוואַרג און קלײדער, געעפֿנט די טויערן פֿון שלאָס און אויסגערופֿן אויפֿ'ן לאַנד: ווער עס וויל, זאָל קומען נעמען, וואָס ער וויל... נאָר אַ באַדינג האָב איך געשטעלט: קײנער טאָר נישט דאַנקען. ווער עס וועט עס טאָן, וועט מוזן באַצאָלן...

— פיל האָבן געקאָנט?

— ווייניק. דאָך מיט דער צייט איז די צאָל פון נישט־דאַנקענדיקע געוואַקסן, גרעסער געוואָרן; נאָר מיט דער צייט האָט מען מיך — —

— אַרעסטירט?

— ניין; אין דול־הויז געשיקט...

— ריכטיק, אַלס פאַרשווענדער...

— אַז איך בין אַרויס פון דול־הויז, איז פון מיין ירושה קיין ציין נישט געבליבן... פריינד און באַקאַנטע האָבן זיך באַמיט; שולדן האָבן זיך באַוויזן; דאָס אויפהאַלטן אין קעניגלאַכן דול־הויז איז געווען טייער...

„גיי אַרבעטן". — האָט מען מיר ביים אַרויסלאָזן געזאָגט...

— און דאָס איז, נאַטירלאַך, דעם געוועזענעם מיניסטער נישט געפעלן.

— אימגעגנטייל; נאָך אַזוי פיל רוען האָב איך געבענקט נאָך אַרבעט... נאָר אויסבעטלען זי האָב איך נישט געקאָנט... בעטלען און בוקן זיך איז מיר שוין אוממעגלאַך געוואָרן...

— דער גאַסט שווייגט אַ ווײַלע, און דער פאַקיר פרעגט:

— ווילסט, איך זאָל דיך אויסלערנען?

— דאָס — ענטפערט שטאָלץ דער גאַסט — ווייסטו נישט קאָנען; הונגער און דאָרשט האָבן עס נישט געקאָנט... נאָר דאָס לעבן איז מיר שוין איבערדריסיק...

— ווילסט איך זאָל דיך דערפון באַפרייען?...

— אָ, ניין! צו דעם דאַרף מען נישט דיין הילף... דאָס ערשטע בעסטע וואַסער, די ערשטע בעסטע צווייג... זיי וואָלט איך זאָגאַר נישט געדאַרפט קיין מעשות צו פאַרציילן...

— וואָס דען?

— איך גלויב, פאַקיר, (יעדער מענש האָט זיין גלויבן; דאָס איז דער פאָדים, מיט וועלכן די געטער בינדן אונז צו צום לעבן), איך גלויב, אַז עס וועט קומען אַמאָל אַ צייט פון גראַדע מענשן, מיט האַרטע מאַרכביינער; פון מענשן, וואָס וועלן נישט וועלן און נישט קאָנען זיך בייגן... איך וויל עס דערלעבן!

— אזוי לאנג לעבן ווילסטו?

— ניין... פאר דעם שפעטערן גליק וואלט איך אזוי פיל נישט געצאלט... שלאפן וויל איך, איבערשלאפן!...

דו קאנסט עס! שלעפער מיך איין, פאקיר!...

---

דער פאקיר שוויינט.

— ווילסט דיין ווארט נישט האלטן? — פרעגט דער גאסט.

—נישט דאס;—ענטפערט דער פאקיר;—איך קלער נאר, ווער דיך וועט וועקן? איך — נישט, מיינע קינדער און קינדס־קינדער — אויך נישט... ווער וועט דיך געדענקען?

— שרעק זיך נישט... מיך וועט וועקן די צ י י ט; גאר שטיל וועט זי נ י ש ט קומען!

---

# משיח׳ס צייטן.

אזוי ווי אין אלע אידישע שטעט און שטעטלאך אין גאליציען, איז אויך געוועזן אין דער קהילה, וואו מיינע עלטערן האבן געוואוינט, — א משוגע׳נער.

ווי געוויינלאך, האט דער משוגע׳נער פאר קיינעם נישט קיין מורא געהאט, נישט פאר קהל, נישט פאר׳ן רב און דיינים, אפילו נישט פאר דעם בעדער מיט׳ן קברות־איד, פאר וועלכע די גרעסטע גבירים שרעקן זיך. פאר דאס האט דאס גאנצע שטעטל, גאנץ קהל מיט דעם גאנצן כלי־קודש, מיט׳ן בעדער און מיט׳ן קברות־איד, געציטערט פאר דעם משוגע׳נעם און פארמאכט פאר אים טיר און טויער. און אבוואל דער ארימער משוגע׳נער האט קיינעם נישט גערעדט קיין שלעכט ווארט, קיינעם נישט אנגערירט מיט׳ן מינדעסטן פינגער, האבן אויף אים אלע געשריגן, מאנכע געשלאגן, און די גאסן־יונגען פלעגן אים נאכווארפן בלאטע און שטיינער.

איך האב תמיד רחמנות געהאט אויף דעם משוגע׳נעם. עס האט מיך עפעס צו אים געצויגן, איך האב מיט אים געוואלט רעדן, אים טרייסטן, א גלעט טאן; נאר צוגיין צו אים איז געוועזן אוממעגלאך.

איך וואָלט באַקומען אַ טייל פון דער בלאָטע און שטיינער, מיט וועלכע מען פלעגט אים באַמבאַרדירן. איך בין געווען אַ יונג קינד, איך האָב געטוראָגן אַ פיינעם אָנצוג פון לעמבערג אָדער פון קראָקע און האָב מיר אָפּגעהיט מיינע פליִיצעס פון שטיינער און מיין אָנצוג פון בלאָטע און זיך געהאַלטן פון ווייטנס.

דאָס שטעטל, וואו מיינע עלטערן האָבן געוואוינט, און איך האָב איבערגעלעבט מיינע קינדער־יאָרן אין אָנצוג פון לעמבערגער און קראַקאָווער שניידערס, איז געווען אַ פעסטונג, אַרומגעצוימט מיט גריבער, וואַסער, וואַלן און הויכע מויערן. אויף די מויערן זענען געשטאַנען האַרמאַטן, און זעלנער מיט ביקסן האָבן זיי געהיט, מאַרשירנדיק אויף און אָפּ ערנסט און שווייגנדיק. קוים איז נאָך צוגעפאַלן די נאַכט, האָט מען אויפגעהויבן די אייזערנע בריק איבער׳ן וואַסער, פאַרשלאָסן אַלע טויערן און אָפּגעריסן דאָס שטעטל פון דער רעשט וועלט ביז אין דער פרי. ביי יעדן פאַרמאַכטן טויער איז געשטאַנען אַ וואַך, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פוס.

ערשט נישט לאַנג, ביי טאָג, זענען מיר אַלע פריי געווען, מען האָט געמעגט גיין אַרויס און אַריין, נישט אָנגעפרעגט צו׳ן ערשט ביים פּלאַץ־מאַיאָר; מען האָט זיך אויך געמעגט באָדן אין טייך אונטער דער שטאָט, אַפילו זיך אויסציען אויף דער גרינער לאָנקע ביים טייך און קוקן אין הימל אַריין, אָדער ווייט ערגעץ אין דער וועלט אַריין, ווי איינער האָט געוואָלט; קיינער האָט נישט פאַר דעם קיין שלעכט וואָרט גערעדט. איז עמיץ אַפילו נישט צוריקגעקומען, האָט מען אויף אים נישט געפרעגט. נאָר ביינאַכט האָט מען געוואָלט, זאָל זיין שטיל אין שטעטל, מען זאָל זיך נישט אַרויס און נישט אַריין דרייען. אַ „גליק״, — פלעג איך דעמאָלט קלערן ביי מיר, — „וואָס מען לאָזט אונז כאָטש אַריין די לבנה״...

און אַזוי לאַנג איך וועל לעבן, וועל איך נישט פאַרגעסן דעם „בין־השמשות״, דאָס צופאַלן פון דער נאַכט. צוזאַמען מיט דעם אָוונט־לאַכן שאָטן פאַרשפרייט זיך אַ שוידער איבער דעם גאַנצן שטעטל; מענשן און הייזער ווערן פלוצלונג ווי איינגעהויקערטער. מען ציט די בריק, די אייזערנע קייטן רייבן זיך אָן די אויסגעהייערע בלאָקן; דאָס

אײַזערנע קראַצן, די האַרטע, אָפּגעריסענע טענער פֿאָרן דורך די ביינער. דערנאָך פֿאַלט צו אַ טויער נאָך אַ טויער. יעדן אָוונט געשעט דאָס זעלבע, און דאָך ציטערן יעדעס מאָל די פֿיס אונטער דעם מענש; אַ שטומפּיקע מידקייט ליגט זיך אויף אַלע פּנים׳ער, אַלע אויגן לעשן זיך אויס, ווי ביי טויטע; די ברעמען פֿאַלן אַראָפּ ווי בלייערנע; דאָס האַרץ בלייבט שטיל, און מען אָטעמט קוים. דערנאָך הייבט אָן דער פּאַטרול צו קורסירן אין די גאַסן, עס קלאַפּן די נאָכגעלאָזטע שווערדן אָן די גרויסע וואַסער־שטיוול, די באַגנעטן בלישטשען, און מען שרייט: „ווער־דאַ?“ אויף דעם מוז מען ענטפֿערן: „אַ היימישער, אַן איינגע־נער!“ אַז נישט, ווייס גאָט, צו וואָס עס קאָן קומען. מאַנכע פֿלעגן זיך שוין בעסער פֿאַרמאַכן אונטער שלאָס און ריגל; זיי האָבן מורא, זיך אַפֿילו אַרויסצואווייזן אויף דער גאַס...

איינמאָל האָט זיך מיר געמאַכט אַ צופֿאַל: איך האָב מיך געבאָדן אונטער דער שטאָט, איך האָב מיך פֿאַרקוקט, צי פֿאַרטראַכט, צי גלאַט אַזוי פֿאַרגעסן, אַז נאָך דעם טאָג גייט נאַכט. פּלוצלונג זע איך, ווי מען הייבט די בריק; עס שניידט אין די אויערן, עס פֿאַלן צו די טויערן, עס קנאַקט און שלאָגט זיך אָפּ מיר אין האַרץ. פֿאַרפֿאַלן! איך מוז שוין בלייבן איבער נאַכט אונטער דער שטאָט... און אַ וואונדער־לאַכע זאַך: ליגנדיק אין דער היים, אין וואַרימען בעט, פֿלעגט זיך מיר נאַכט אויף נאַכט חלומ׳ען פֿון דער פֿרייער וועלט אויסער דער פֿעסטונג; און דאָס ערשטע מאָל, אַז מיין חלום איז מקוים געוואָרן, איז מיך באַפֿאַלן אַ שרעק! עס האָט זיך אָנגעהויבן דער באַוואוסטער שטרייט צווישן קאָפּ און האַרץ. דער קאָפּ האָט גערופֿן: רואיק, געניס אויך אַמאָל די ריינע, פֿרייע לופֿט, דעם אויסגעשטערנטן פֿרייען הימל. און דאָס האַרץ האָט זיך געטאָן זיינס, געוואָרפֿן זיך און געצאַפּלט, צום אַרויסשפּרינגען. דערנאָך האָט זיך מיר אויפֿגעהויבן ווי אַ דונסט, ווי אַ נעפּל פֿון שווערן האַרץ און איז מיר געשטיגן אין קאָפּ אַריין. דער פֿרייער געדאַנק איז געוואָרן טונקל און טונקעלער, און איז באַלד אונטערגעגאַנגען אונטער דעם וואָלקן. עס האָט מיר אָנגעהויבן צו קלינגען אין די אויערן און צו פֿינטלען אין די אויגן. מיט יעדן לייכטן גערויש, פֿון יעדן לייכטן שאָטן פֿון אַ צווייג, פֿון קלענסטן גרעזל, האָט

זיך מיר אַרײַנגעזאַפּט דורך די אויגן, ווי דורך די אויערן, אַ מין שווידער, אַ שרעק, וואָס האָט מיך געוואָרפן אויף דער ערד!

איך האָב באַהאַלטן דאָס פּנים אין זאַמד...

צי בין איך געשלאָפן צי נייִן, און ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגן — אָסור אויב איך ווייִס! נאָר פּלוצלונג האָב איך דערהערט, אַז מען אָטעמט נאָענט לעבן מיר. איך שפּרינג אויף. איך בין נישט אַלייִן. צווייִ גוט־באַקאַנטע, טיפע, שוואַרצע אויגן קוקן אויף מיר האַרציק און געטרײַ.

עס איז געווען דער משוגע׳נער.

— וואָס טוסטו דאָ? — פרעג איך מיט אַ דומפּיקער שטימע.

— איך שלאָף קייִנמאָל נישט אין שטאָט! — ענטפערט ער מיר טרויעריק, און דער בליק זײַנער איז אַזוי ווייִך, די שטימע אַזוי ברייִ־דערלאַך, אַז איך קום צו מיר אין גאַנצן און פאַרגעס מײַן שרעק.

אַמאָל, דערמאָן איך זיך פּלוצלונג, פלעגט מען האַלטן משוגעים פאַר נביאים (אין די מאָרגנלענדער איז דאָס נאָך ביז הײַנט) און איך פרעג מיך: „צי איז ער נישט ווירקלאַך אייִנער פון זייִ? צי יאָגט מען אים נישט ווי אַ נביא? צי וואַרפט מען אים נישט נאָך קײַן שטייִנער ווי אַ נביא? צי לײַכטן אים נישט די אויגן ווי די שטערן? צי קלינגט נישט זײַן שטימע ווי די פײַנסטע האַרפע? צי ליגט נישט אין אים דער שמערץ פאַר אַלע, דאָס לײַדן פאַר׳ן גאַנצן דור? אפשר ווייִסט ער טאַקע אויך, וואָס שפּעטער וועט זײַן״?...

איך פּרואוו און הייִב אָן צו פרעגן, און ער ענטפערט מיר אַזוי שטיל, אַזוי זיס, אַז עס דאַכט זיך מיר טייִלמאָל, אַז עס איז נאָר אַ חלום, אַ זיסער חלום פון אַ זומער־נאַכט אויף יענער זײַט פעסטונג.

— דו גלויבסט אין משיח׳ס־צײַטן? — פרעג איך אים.

— געוויס! — ענטפערט ער שטיל און זיכער. — משיח מוז קומען!

— ער מוז?!

— גאַנץ זיכער! אַלע וואַרטן אויף אים, אַפילו הימל און ערד וואַרטן! ווען נישט, וואָלט זיך קייִנעם נישט געגלוסט צו לעבן, צו טאָן די האַנט אין קאַלט וואַסער... און אויב מען לעבט און מען טוט,

גלײַך מען װ ו י ל לעבן, איז אַ סימן, אַז אַלע פילן, אַז משיח קומט, אַז ער מוז קומען, אַז ער איז שוין אין וועג...

— צי איז אמת, — פרעג איך ווײַטער, — אַז פריער וועלן זײַן שרעקלאַכע מלחמות איבער פאַלשע משיח׳ן? די מענשן וועלן זיך אַרומרײַסן, ווי ווילדע חיות; די ערד וועט אָנגעזאַפּט ווערן מיט בלוט. טײַכן בלוט וועלן פליסן פון מזרח קײַן מעריב און פון דרום קײַן צפון; אַלע חיות, בהמות וועלן טרינקען מענשן-בלוט; אַלע פעלדער, אַלע גערטנער, אַלע טראַקטן און אַלע וועגן וועלן פאַרגאָסן ווערן מיט מענ-שן-בלוט... און אין מיטן דער צײַט פון בלוטיקן מבול וועט זיך ערשט באַווײַזן דער א מ ת ׳ ע ר משיח, דער ר ע כ ט ע ר... איז דאָס אמת?

— אמת!

— און מען וועט אים דערקענען?

— יעדער וועט אים דערקענען, עס וועט קײנער נישט האָבן קײַן טעות. ער וועט זײַן משיח מיט יעדער מינע, מיט יעדן וואָרט, מיט יעדן בליק. ער וועט נישט האָבן קײַן חיילות, ער וועט נישט רײַטן אויף קײַן פערד, און אַ שווערד וועט אים נישט הענגען אויף די לענדן...

— וואָס דען?

— פליגל וועט ער האָבן... משיח וועט האָבן פליגל, און אַלע וועלן דערנאָך באַקומען פליגל. עס וועט זײַן אַזוי: פּלוצלונג וועט געבוירן ווערן אַ קינד מיט פליגל, דערנאָך—אַ צווײטס, אַ דריטס, און אַזוי וועט עס שוין גײן כסדר... פריער וועלן זיך די מענשן דערשרעקן, דערנאָך וועט מען זיך צוגעוואוינען, ביז עס וועט אַרויסקומען אַ גאַנצ-ער דור מיט פליגל; אַ דור, וואָס וועט זיך נישט מער וועלן וואַלגערן אין דער בלאָטע און וועט זיך נישט מער רײַסן איבער אַ פּרנסה-ווערימל...

לאַנג נאָך האָט ער אַזוי גערעדט, נאָר איך האָב אים אויפגעהערט צו פאַרשטײן. זײַן שטימע איז דאָך געוועזן אַזוי אומעטיק-זיס, אַז איך האָב זי אײַנגעזאַפּט אין מיר ווי אַ שוואָם. אַז ער האָט אויפגעהערט צו רעדן, האָט שוין געטאָגט, מען האָט שוין די טויערן געעפנט און די בריק אַראָפּגעלאָזט...

זײַט יענער נאַכט אויסער דער פּעסטונג איז מיר דאָס לעבן אין איר נאָך שווערער, נאָך אומערטרעגלאַכער געוואָרן. די אַלטע מויערן, די קראַצנדיקע אויפגעצויגענע בריק, די אײַזערנע טויערן, די וואַכטן און פּאַטרולן, דער הײזעריק־צאַרניקער: „ווער־דאַ ?“, דער אונטער־טעניק־פאַלשער: „אַ הײמישער, אַן אײגענער!“, דאָס אײביקע צי־טערן פון די לײמיקע פּנימ׳ער, די איבערגעשראָקענע האַלב־פאַר־לאָשענע אויגן, דער מאַרק מיט די פאַרבלאָנקעטע, ציטעריק־פוילע שאָטן, — דאָס אַלץ האָט זיך מיר געלײגט ווי בלײַ אויף דער נשמה, נישט אָפּצועטעמען נישט פרײַ צו ווערן... עס האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ האַרץ־ווײטיק, עס האָט מיך דורכגענומען אַ שרעקלאַכע בענקשאַפט. און איך האָב באַשלאָסן — משיח׳ן אַקעגן צו פאָרן...

---

איך זעץ מיך אויף דעם ערשטן בעסטן וואָגן. דער בעל־עגלה דרײט זיך צו מיר איבער און פרעגט:

— וואו־אַהין?

— וואו דו ווילסט, — ענטפער איך, — נאָר אַוועק, ווײַט, ווײַט פון דאַנען!

— אויף ווי לאַנג?

— ווי לאַנג דאָס פערד וועט אויסהאַלטן!...

דער בעל־עגלה נעמט די לײצעס אין האַנט און מיר פאָרן.

מיר פאָרן אַלץ ווײַטער און ווײַטער. אַנדערע פעלדער, אַנדערע וועלדער, אַנדערע דערפער, אַנדערע שטעט, אַלצדינג אַנדערש; עס איז אָבער נאָר אַנדערש פון אויבן, דער תּוך איז שטענדיק דער זעלביקער. אַז איך האָב מיך גוט אײַנגעקוקט, איז איבעראַל און אויף אַלץ געלעגן די זעלבע מרה־שחורה; יעדער מענטשן־בליק איז געווען ציטערדיק־פאַלש, יעדער טאָן — איבערגעבראָכן און שטאָלפעריק... אויף אַלץ איז געלעגן אַ טרויעריקער נעפּל, וואָס האָט פאַרשטעלט יעדן שײַן און האָט געלאָשן יעדע פרײד. אַלץ איז געווען צוזאַמענגע־דריקט און פאַרשטיקט. און איך שרײַ אַלץ אין אײנעם: „ווײַטער!“... איך הענג אָבער אָפּ פון בעל־עגלה און דער בעל־עגלה פון פערד... דאָס פערד וויל עסן, און מיר מוזן זיך אָפּשטעלן.

איך קום אין אַ קרעטשמע אַריין. עס איז אַ גרויסע שטוב, איבער־געטײַילט אין דער העלפט מיט אַן אַלטער פאָרהאַנג, וואָס גייט פון אײַין וואַנט צו דער צווייטער. אין דער זייט פאָרהאַנג זיצן דרײַ מענער בײַ אַ גרויסן טיש. זיי באַמערקן מיך נישט, און איך האָב צײַט זיי צו באַטראַכטן. עס זענען דרײַ דורות. דער עלטסטער איז גראָ ווי אַ טויב, דאָך זיצט ער גלײַך און קוקט מיט שאַרפע אויגן, אָן ברילן, אין אַ גרויס ספר, וואָס ליגט פאַר אים אויפ׳ן טיש. דאָס אַלטע פּנים איז ערנסט, די אַלטע אויגן קוקן זיכער, און דער אַלטער מענש מיט דעם ספר גיסן זיך צוזאַמען דורך דער ווײַסער באָרד, וואָס האָט זיך צעלייגט מיט אירע זילבערנע עקן אויף די בלעטער פונ׳ם ספר.

לעבן אים רעכטס זיצט אַ אינגערער, געווים אַ זון זײַנער: דאָס זעלבע געזיכט, נאָר אינגער, רירעווודיקער, נערוועזער; סעקונדנווײַז, מידער און צעגאָסענער. ער קוקט אויך אין ספר אַרײַן, נאָר ער קוקט שוין אויף אַ בריל. דאָס ספר איז קלענער, און ער האַלט עס נענטער צו די אויגן, אָנגעשפּאַרט אויפ׳ן ראַנד פונ׳ם טיש. ער איז אין די מיטעלע יאָרן; באָרד און פאות — האַלב זילבערנע. ער שאָקלט זיך אַהין און צוריק. זײַן גוף, דאַכט זיך, וויל זיך יעדעס מאָל אָפּרײַסן פונ׳ם ספר, נאָר דאָס ספר ציט אים צו זיך צוריק. ער שאָקלט זיך, און די ליפּן ציטערן שטיל. אַמאָל קוקן די אויגן אַהין צום אַלטן: יענער דאָך באַמערקט עס נישט.

לינקס פונ׳ם אַלטן זיצט דער אינגסטער, דאַכט זיך — אַן אייניקל פונ׳ם אַלטן. אַ יונגער מאַן מיט שוואַרץ־גלאַנצנדיקע האָר און אַ ברענענדיק־צעוואָרפענעם בליק. ער קוקט אויך אין אַ ספר אַרײַן, נאָר דאָס ספר איז קליין, און ער האַלט עס נאָענט צו די לעבעדיקע אויגן. גאַנץ אָפט רוקט ער עס אַוועק פון זיך, וואַרפט אַ בליק, אויסגעמישט פון שרעק און דרך־ארץ אויפ׳ן אַלטן, קוקט אַריבער צום פאָטער מיט אַ האַלב־איראָנישן שמייכל און בייגט זיך איבער צו הערן, וואָס עס טוט זיך אין יענער זײַט פאָרהאַנג. און פון יענער זײַט פאָרהאַנג הערט זיך קרעכצען, גלײַך עמיץ גייט דאָרט צו קינד...

איך וויל הוסטן, מען זאָל מיך באַמערקן. אין דער זעלבער סע־קונדע פאַרבייגט זיך אַ שטיק פאָרהאַנג און עס באַווײַזן זיך צווײַ

פרויען. איינע אן אלטע מיט א שארף ביינערדיק פנים און שארפע אויגן, די צווייטע א אינגערע פרוי אין די מיטעלע יארן, מיט א ווייך, אפגעשמאלצן פנים און א נישט-זיכערן בליק. זיי שטייען, קוקן צו די מענער און ווארטן, מען זאל זיי פרעגן. דער עלטסטער באמערקט זיי נישט. זיין נשמה האט זיך צוזאמענגעגאסן מיט דער נשמה פונ׳ם ספר. דער מיטעלער באמערקט די פרויען און קלערט, ווי אזוי דעם פאטער צו וועקן: דער אינגסטער שפרינגט דערווייל אויף...

— מאמע! באבע! נו?...

זיין פאטער שטעלט זיך אויף אומרואיק, דער זיידע רוקט נאר אביסל אוועק דאס ספר און הייבט אויף די אויגן צו די פרויען.

— וואס טוט זי? — פרעגט ווייטער דער אינגסטער מיט א ציטערדיקער שטימע.

— איבערגעקומען! — ענטפערט די אלטע רואיק.

— איבערגעקומען? איבערגעקומען? — שטאמלט דער יונגער.

— זאגסט נישט, מאמע, „מזל-טוב“? — פרעגט דער מיטעלער.

דער אלטער קלערט איבער און פרעגט:

— וואס איז געשען? און ווען אפילו א מיידל...

— ניין! — ענטפערט אצינד די אלטע — אפילו א אינגל...

— א טויטס?

— ניין, עס לעבט! — ענטפערט די אלטע. אין דעם קול קלינגט דאך נישט קיין פרייד.

— א קריפל? א קאליקע?

— צייכן האט ער! אויף ביידע אקסל...

— וואס פאר א צייכן?

— פון פליגל...

— פון פליגל?

— יא, פון פליגל, און זיי וואקסן...

דער אלטער בלייבט זיצן פארזארגט, דער מיטעלער — פארוואונדערט, דער אינגסטער נאר שפרינגט-אונטער פאר פרייד.

— וואויל, וואויל! זאלן זיי וואקסן, זאל פון זיי ווערן עכטע פליגל, גרויסע, שטארקע פליגל, וואויל, וואויל!

— וואָס איז די שמחה? — פרעגט דער מיטעלער.

— אַ שרעקלאַכע קאַליקע! — זיפצט דער אַלטער.

— פאַרוואָס? — פרעגט דאָס אייניקל.

— פליגל — ענטפערט דער אַלטער שטרענג — הייבן אין דער הייך... מיט פליגל קאָן מען זיך נישט דערהאַלטן אויף דער ערד.

— אַ וויכטיקע זאַך! — מאַכט דאָס אייניקל טראָציק. — איז מען פטור דאָס מושב; וואַלגערט מען זיך נישט אין דער בלאָטע; לעבט מען אין דער הייך... צי איז דען דער הימל נישט שענער פון דער ערד?

דער אַלטער ווערט בלאַס, און דער מיטעלער נעמט דאָס וואָרט:

— נאַריש קינד! פון וואָס קאָן מען לעבן אין דער הייך? לופט שלינגען איז ווייניק... אין דער הייך איז נישט דאָ קיין קרעטשמע, אין דער הייך קאָן מען נישט איבערנעמען קיין „פאָדריאַד“... אין דער הייך האָט מען אַפילו נישט ביי וועמען אַ האָזן-פעלכל צו קויפן... אין דער הייך...

דער אַלטער שלאָגט אים איבער:

— אין דער הייך — זאָגט ער פעסט און האַרט ווי אייזן — איז נישטאָ קיין שול, קיין בית-המדרש, קיין קלויז צום דאַוונען, צום לערנען; אין דער הייך איז נישטאָ קיין שטעג, אויסגעטראָטן פון קדמונים! אין דער הייך בלאָנקעט מען זיך, בלאָנדזשעט מען, ווייל מען ווייסט נישט דעם וועג... מען איז טאַקע אַ פרייער פויגל, נאָר ווי דעם פרייען פויגל, אַז עס באַפאַלט אים אַ ספק, אַ מרה-שחורה!...

— ווי הייסט? — שפרינגט אויף דער אינגסטער מיט הייס בלוט און ברענענדיקע אויגן.

לײַדער קומט ער נישט צום וואָרט? די באָבע האַקט איבער:

— נאַרישע מאַנסבילן! — מאַכט זי. — וועגן וואָס זיי קלערן... און דער רב? צי וועט אים דער רב לאָזן מל זיין? צי וועט ער לאָזן אַ ברכה מאַכן איבער אַ קינד מיט פליגל?...

---

איך גיב מיך אַ כאַפּ אויף. מיין איבערגעכטיקן אויסער דער שטאָט, די נסיעה און דאָס קינד מיט די פליגל זענען נאָר אַ חלום געווען. —



# אויב נישט נאָך העכער.

און דער נעמיראָווער פלעגט סליחות-צײַט יעדן פרימאָרגן נעלם ווערן, פאַרשווינדן!

מען פלעגט אים נישט זען אין ערגעץ; נישט אין שול, נישט אין ביידע בתי-מדרשים, נישט בײַ א מנין, און אין דערהיים אוודאי און אוודאי נישט. די שטוב איז געשטאַנען אָפן. ווער עס האָט געוואָלט, איז אַרײַן און אַרויסגעגאַנגען; גע'גנב'עט בײַם רבי'ן האָט מען נ י ט; אָבער קיין לעבעדיק באַשעפעניש איז אין שטוב ניט געווען.

וואו קאָן זײַן דער רבי?

וואו זאָל ער זײַן? מן הסתם אין הימל! ווייניק געשעפטן האָט א רבי פאַר ימים-נוראים צו פאַרזאָרגן? אידעלאַך, קיין עין-הרע, דאַרפן פרנסה, שלום, געזונט, גוטע שידוכים, ווילן גוט און פרום זײַן, און די זינד זענען דאָך גרויס, און דער שטן מיט זײַנע טויזנט אויגן קוקט פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער; און ער זעט, און פאַר-קלאָגט, און מסר'ט... און — ווער זאָל העלפן, אַז ניט דער רבי?

אַזוי האָט דער עולם געטראַכט.

איינמאָל איז אָבער אָנגעקומען א ליטוואַק; לאַכט ער! איר קענט דאָך די ליטוואַקעס: פון מוסר-ספרים האַלטן זיי ווייניק, דערפאַר שטאָפּן זיי זיך אָן מיט ש"ס ופוסקים. ווײַזט דער ליטוואַק א בפירוש'ע גמרא, — די אויגן שטעכט ער אוים! אַפילו משה רבינו, ווײַזט ער, האָט בײַם לעבן ניט געקאָנט אַרויף אויפ'ן הימל, נאָר געהאַלטן זיך צען טפחים א ו נ ט ע ר ' ן הימל. נו, גיי שפּאַר זיך מיט א ליטוואַק!

— וואו דען קומט אַהין דער רבי?

— מײַן דאגה! — ענטפערט ער און ציט מיט די אַקסלען; און תוך כדי דיבור (וואָס א ליטוואַק קאָן!) איז ער זיך מיישב צו דערגיין די זאַך.

---

נאָך דעמזעלבן פאַרנאַכט, באַלד נאָך מעריב, גנב'עט זיך דער ליטוואַק צום רבי'ן אין חדר אַרײַן, לייגט זיך אונטער'ן רבי'נס בעט

און ליגט. ער מוז אָפּוואַרטן די נאַכט און זען, וואו דער רבי קומט אַהין, וואָס ער טוט סליחות־צייַט.

אַן אַנדערער וואָלט אפשר אייַנגעדרימלט און פאַרשלאָפן די צייַט; אַ ליטוואַק טוט זיך אַן עצה: לערנט ער זיך אויסנווייניק אַ גאַנצע מסכתא! איך געדענק שוין ניט: חולין, צי נדרים!

פאַרטאָג הערט ער, ווי מען קלאַפּט צו סליחות.

דער רבי איז שוין נישט געשלאָפן אַ צייַט. ער הערט אים שוין אפשר אַ גאַנצע שעה קרעכצען.

ווער עס האָט געהערט דעם נעמיראָווער קרעכצען, ווייס, וויפיל צער פאַר כל ישראל, וויפיל יסורים עס האָט געשטעקט אין זייַן יעדן קרעכץ... די נשמה פלעגט אויסגיין, הערנדיק דאָס קרעכצען. אַ ליטוואַק האָט דאָך אָבער אַן אייַזערן האַרץ, הערט ער צו און ליגט זיך ווייַטער! דער רבי ליגט זיך אויך. דער רבי, זאָל לעבן, אויפ׳ן בעט, דער ליטוואַק — אונטער׳ן בעט.

---

דערנאָך הערט דער ליטוואַק, ווי די בעטן אין הויז הייבן אַן סקריפּען... ווי די בני־בית כאַפּן זיך אַרויס פון די בעטן; ווי מען מורמלט אַ אידיש וואָרט, מען גיסט אויף די נעגל, עס קלאַפּן זיך אויף און צו די טירן... דערנאָך איז דער עולם אַרויס פון שטוב, עס ווערט ווייַטער שטיל און פינסטער, דורכ׳ן לאָדן שייַנט קוים אַריין אַ קליין ביסל ליכט פון דער לבנה...

מודה האָט ער געווען, דער ליטוואַק, אַז ווען ער איז געבליבן איינער אַליין מיט׳ן רבי׳ן, איז אים באַפאַלן אַן אימה. די הויט איז אים שיר אויפגעלאָפן פאַר שרעק, די וואָרצלן פון די פאות האָבן אים געשטאָכן אין די שלייפן, ווי די נאָדלען.

אַ קלייניקייַט: מיט׳ן רבי׳ן און סליחות־צייַט פאַרטאָג אַליין אין אַ שטוב.

אַ ליטוואַק איז דאָך אָבער אייַנגעשפּאַרט. ציטערט ער, ווי אַ פיש אין וואַסער, און ליגט.

---

ענדלאַך, שטייט דער רבי, זאָל לעבן, אויף...

פריער טוט ער, וואָס אַ איד דאַרף טאָן... דערנאָך גייט ער צו צו דעם קליידער־אַלמער און נעמט אַרויס אַ פּעקל... עס באַווייזן זיך פּויערשע קליידער: ליַיוונטענע פּלודערן, גרויסע שטיוול, אַ סיערמינגע, אַ גרויס פוטערן היטל, מיט אַ ברייטן, לאַנגן לעדערנעם פּאַס, אויסגעשלאָגן מיט מעשענע נעגעלאַך.

דער רבי טוט עס אָן...

פון דער קעשענע, פון סיערמינגע, שטאַרט אַרויס אַן עק פון אַ גראָבן שטריק... פון אַ פּויערשן שטריק!

דער רבי גייט אַרויס; דער ליטוואַק — נאָך!

דורכגייענדיק, טרעט אַפּ דער רבי אין קיך, בייגט זיך איַין, פון אונטער אַ בעט נעמט ער אַרויס אַ האַק, פאַרלייגט זי אונטער׳ן פּאַס און גייט אַרויס פון שטוב.

דער ליטוואַק ציטערט, נאָר ער טרעט ניט אָפּ.

---

אַ שטילער, ימים־נוראים׳דיקער פּחד וויגט זיך איבער די טונקעלע גאַסן. אָפּט רייַסט זיך אַרויס אַ געשריי פון סליחות פון ערגעץ אַ מנין, אָדער אַ קראַנקער קרעכץ פון ערגעץ אַ פענסטער... דער רבי האַלט זיך אַלץ אין די זייַטן פון די גאַסן, אין שאָטן פון די הייַזער... פון איין הויז צום אַנדערן שווימט ער אַרויס און דער ליטוואַק נאָך אים...

און דער ליטוואַק הערט, ווי זיַין אייגן האַרץ־קלאַפּן מישט זיך צוזאַמען מיט׳ן קול פון רבי׳נס שווערע טריט. אָבער גיין גייט ער און קומט צוזאַמען מיט׳ן רבי׳ן אויס דער שטאָט אַרויס.

---

הינטער דער שטאָט שטייט אַ וועלדל.

דער רבי, זאָל לעבן, נעמט זיך אין וועלדל אַריין. ער מאַכט אַ דרייַסיק, פערציק טריט און שטעלט זיך אָפּ בייַ׳ן אַ ביימל, און דער ליטוואַק ווערט נבהל ונשתומם, זעענדיק, ווי דער רבי נעמט אַרויס פון פּאַס די האַק און שלאָגט אין ביימל אַריין.

ער זעט, ווי דער רבי האַקט און האַקט, ער הערט, ווי דאָס ביימל קרעכצט און קנאַקט. און דאָס ביימל פאַלט, און דער רבי

שפּאַלט עס אויף ליפּעס... די ליפּעס — אויף דינע שײַטלאַך; און ער מאַכט זיך אַ בינטל האָלץ, נעמט עס אַרום מיט'ן שטריק פון קעשענע, ער וואַרפט דאָס בינטל האָלץ איבער די פּלײצעס, שטעקט צוריק אַרײַן די האַק אינ'ם פּאַס, לאָזט זיך אַרויס פון וואַלד און גײט צוריק אין שטאָט אַרײַן.

אין אַ הינטער־געסל שטעלט ער זיך אָפּ בײַ אַן אָרים, האַלב־אײַנגעבראָכן הײַזל און קלאַפּט אָן אין פענסטערל.

— ווער איז? — פרעגט מען דערשראָקן פון שטוב אַרויס.

דער ליטוואַק דערקענט, אַז עס איז אַ קול פון אַ אידענע, פון אַ קראַנקער אידענע.

— יאַ! (איך) — ענטפערט דער רבי אויף פּויעריש לשון.

— קטאָ יאַ? (ווער איך) — פרעגט מען ווײַטער פון שטוב.

און דער רבי ענטפערט ווײַטער אויף מאַלאָראָסיש לשון:

— וואַסיל!

— וואָס פאַר אַ וואַסיל און וואָס ווילסטו, וואַסיל?

— האָלץ — זאָגט דער פאַרשטעלטער וואַסיל — האָב איך צו פאַרקויפן! זײער ביליג. בחצי חינם האָלץ!

און ניט וואַרטנדיק אויף תשובה, נעמט ער זיך אין שטוב אַרײַן.

דער ליטוואַק גנב'עט זיך אויך אַרײַן און, בײַם גרויען ליכט פון פריען מאָרגן, זעט ער אַן אָרימע שטוב, צעבראָכן, אָרים כלי־בית... אין בעט ליגט אַ קראַנקע אידענע, פאַרוויקלט מיט שמאַטעס. און זי זאָגט מיט אַ ביטער קול:

— קויפן? מיט וואָס זאָל איך קויפן? וואו האָב איך, אָרימע אַלמנה, געלט?

— איך וועל דיר באָרגן! — ענטפערט דער פאַרשטעלטער וואַסיל. — אינגאַנצן זעקס גראָשן!

— פון וואַנען וועל איך דיר באַצאָלן? — קרעכצט די אָרימע אידענע.

— נאַריש מענש, — מוסר'ט זי דער רבי, — זע, דו ביסט אַן אָרימע קראַנקע אידענע, און איך געטרוי דיר דאָס ביסל האָלץ; איך בין ב ט ו ח, אַז דו וועסט באַצאָלן; און דו, דו האָסט אַזאַ

שטאַרקן, גרויסן גאָט, און געטרויסט אים נישט... און האָסט אין אים אויף נאַרישע זעקס גראָשן פאַר'ן בינטל האָלץ קיין ביטחון נישט!

— און ווער וועט מיר איינהייצן? — קרעכצט די אלמנה. — איך האָב דען כּוח אויפצושטיין? מיין זון איז אויף דער אַרבעט געבליבן.

— איך וועל דיר איינהייצן אויך. — זאָגט דער רבי.

און אַריינלייגנדיק דאָס האָלץ אין אויוון, האָט דער רבי, קרעכצענדיק, געזאָגט פון סליחות דעם ע ר ש ט ן פּזמון...

און אַז ער האָט עס אונטערגעצונדן, און דאָס האָלץ האָט פריילאַך געברענט, האָט ער געזאָגט, שוין אַביסל לוסטיקער, פון די סליחות דעם צ ו ו י י ט ן פּזמון...

דעם דריטן פּזמון האָט ער געזאָגט, ווען עס האָט זיך אויסגעברענט, און ער האָט די בלעך פאַרמאַכט...

---

דער ליטוואַק, וואָס האָט דאָס אַלץ געזען, איז שוין געבליבן אַ נעמיראָווער חסיד.

און שפּעטער, אויב אַ חסיד האָט אַמאָל פאַרציילט, אַז דער נעמיראָווער הייבט זיך אויף סליחות-צייט יעדן פרי-מאָרגן און פליט אַרויף אין הימל אַריין, פלעגט שוין דער ליטוואַק ניט לאַכן, נאָר צוגעבן שטילערהייט:

— אויב נישט נאָך העכער!



# מקובלים.

אין די שלעכטע צייטן, פאַלט אַפילו תּורה — די בעסטע סחורה — אויך.

פון דער לאַשטשיווער ישיבה איז מער נישט געבליבן נאָר דער ראש-ישיבה — ר' יעקיל מיט איין איינציקן תּלמיד.

דער ראש-ישיבה איז אַן אַלטער דאַרער איד מיט אַ לאַנגער צעשויבערטער באָרד, מיט אַלטע אויסגעלאָשענע אויגן; למך, זיין

געליבטער תלמיד, איז אַ יונגערמאַן, אויך אַ דאַרער, אַ הויכער, אַ בלאַסער מיט שוואַרצע געקרייזלטע פאות, ברענענדיקע, שוואַרצע, אונטערגעשלאָגענע אויגן, פאַרברענטע ליפּן און אַ ציטעריקן שפּיציקן גאָרגל; ביידע — מיט „אויפגעכראַשעטע" הערצער, אָן העמדער, ביידע אין לאַכעס; דעם ראש-ישיבה שלעפּט קוים נאָך אַ פאָר פויערישע שטיוול, דעם תלמיד אָן זאָקן פאַלן די שוסטער־שיך אַראָפּ פון די פיס.

דאָס איז געבליבן פון דער באַרימטער ישיבה!

דאָס פאַראָרימטע שטעטל האָט אַלע מאָל ווייניקער געשיקט עסן, געגעבן טעג; זענען זיך די אָרעם-בחורים צעקראָכן! ר׳ יעקיל אָבער וויל שוין דאָ שטאַרבן, און זיין תלמיד — ליגן אים שערבלאַך אויף די אויגן.

און זיי ביידע ליידן אויך אַמאָל הונגער. פון ווייניק עסן קומט ווייניק שלאָפן; פון גאַנצע נעכט נישט שלאָפן און נישט עסן — אַ חשק צו קבלה!

ממה נפשך: דאַרף מען אויף זיין גאַנצע נעכט און הונגערן גאַנצע טעג, לאָז מען כאָטש דערפון אַ נוצן האָבן; זאָל כאָטש זיין: תעניתים מיט סיגופים; זאָלן זיך כאָטש עפענען אַלע טויערן פון דער וועלט מיט סודות, רוחות און מלאכים!

און זיי לערנען שוין קבלה אַ צייט!

אַצונד זיצן זיי ביים לאַנגן טיש, איינע אַליין. ביי יעדן איז אַצונד נאָך מיטאָג, ביי זיי איז נאָך פאַר פרישטיק. זיי זענען דאָך געוואוינט דערצו. דער ראש-ישיבה פאַרגלייסט די אויגן און רעדט; דער תלמיד זיצט אונטערגעשפּאַרט אויף ביידע הענט מיט׳ן קאָפּ און הערט.

— אין דעם זענען דאָ — זאָגט דער ראש-ישיבה — אַ סך בחינות: איינער קאָן אַ שטיקל, איינער אַ האַלבן, איינער אַ גאַנצן ניגון. — דער רבי, ז״ל, האָט געקאָנט אַ גאַנצן ניגון, אַפילו מיט אַ צושפּיל! — איך (האָט ער צוגעגעבן טרויעריק) האָב קוים די זכיה צו׳ן אַ פּיצעלע, אָט אַזוי גרויס...

ער האָט אָפּגעמאָסטן אַ פּיצעלע פון דאָרן פינגער און האָט ווייטער געצויגן:

— עס איז פאַראַנען אַ ניגון, וואָס מוז האָבן ווערטער... דאָס איז גאָר אַ נידעריקע בחינה... עס איז פאַראַנען אַ העכערע בחינה: אַ ניגון, וואָס זינגט זיך אַליין, גאָר אָן ווערטער — אַ ריינער ניגון! נאָר ד ע ר ניגון דאַרף נאָך האָבן אַ קול... און ליפּן, דורך וועלכע דאָס קול גייט אַרויס! און ליפּן — פאַרשטייסטו — זענען דאָך גשמיות! און דאָס קול אַפילו עס איז אַן איידעלער גשמיות, גשמיות איז עס!

לאָז זיין, אַז דאָס קול שטייט אויפ׳ן גרעניץ צווישן רוחניות און גשמיות!

נאָר סיי ווי סיי דער ניגון, וואָס הערט זיך מיט אַ קול, וואָס הענגט אָפּ פון די ליפּן, איז נאָך נישט ריין, נאָך נישט אין גאַנצן ריין... נאָך נישט קיין אמת׳ער רוחניות!...

דער אמת׳ער ניגון אָבער זינגט זיך גאָר אָן אַ קול... עס זינגט זיך אינעווייניק, אין האַרץ, אין די געדערים!

אָט דאָס איז דער סוד פון דוד המלכ׳ס ווערטער: „כל עצמותי תאמרנה“... אינ׳ם מאַרך פון די ביינער דאַרף זינגען, דאָרט דאַרף זיין דער ניגון — דער העכסטער שבח פאַר גאָט ברוך הוא! דאָס איז נישט דער ניגון פון אַ בשר ודם, דאָס איז נישט קיין א ו י ס - ג ע ט ר א כ ט ע ר ניגון! דאָס איז שוין אַ חלק פון ניגון, מיט וועלכן גאָט האָט די וועלט באַשאַפן; פון דער נשמה, וואָס ער האָט אַריינגעגאָסן אין איר...

און אַזוי זינגט די פמליא של מעלה! אַזוי האָט געזונגען דער „איד“, זכרונו לברכה!

דעם לימוד האָט איבערגעהאַקט אַ צעשויבערטער יונג מיט אַ שטריק אַרום די לענדן — אַ טרעגער. ער איז אַריינגעקומען אין בית-המדרש, אַנידערגעשטעלט אַ שיסל גריץ מיט אַ שטיקל ברויט אויפ׳ן טיש לעבן ראש-ישיבה און מיט אַ גראָב קול געזאָגט: „ר׳ טעוול שיקט דעם ראש-ישיבה עסן!“ און האָט זיך איבערגעדרייט

און, אַרויסגיִיענדיק, צוגעגעבן: „שפּעטער וועל איך קומען נאָך דער שיסל!“

אַרויס, דורך דעם גראָבן טרעגער־קול, פון דער געטלאַכער האַרמאָניע, האָט זיך דער ראש־ישיבה שווער אויפגעהויבן און איז, נאָכשלעפּנדיק די גרויסע שטיוול, צוגעגאַנגען צום כיור זיך וואַשן.

גייענדיק, האָט ער ווייטער געדעדט, נאָר מיט ווייניקער התלהבות, און דער תלמיד האָט אים פון זיין אָרט נאָכגעיאָגט מיט די אויפגעשפּיצטע אויערן און ברענענדיקע פאַר׳חלומ׳טע אויגן.

— נאָר — זאָגט ווייטער ר׳ יעקיל מיט אַ טרויעריקער שטימע — איך האָב אָפּילו די זכיה נישט משיג צו זיין, אין וואָס פאַר אַ בחינה דאָס איז! אין וועלכן שער דאָס קומט! זעסטו, — גיט ער שוין צו מיט אַ שמייכל, — די סיגופים מיט די צירופים, וואָס מען דאַרף דערצו, די ווייס איך, און איך וועל זיי דיר נאָך אפשר היינט איבער־געבן!

דעם תלמיד קריכן שיר די אויגן אַרויס; ער האַלט אָפן דאָס מויל צו כאַפּן יעדעם וואָרט. נאָר דער רבי האַקט אָפּ; ער וואַשט זיך, ווישט זיך די הענט, זאָגט „שאו ידיכם“, גייט צוריק צום טיש און מאַכט מיט ציטעריקע ליפּן די „המוציא...“

מיט ציטעריקע, דאַרע הענט הייבט ער אונטער די שיסל. די פאַרע פאַרדעקט אים מיט אַ וואַרימען דונסט דאָס בייניקע פנים; דערנאָך שטעלט ער זי צוריק, נעמט דעם לעפל אין דער רעכטער האַנט און וואַרימט די לינקע האַנט אין ראַנד פון שיסל. דערביי צעקוועטשט ער מיט דער צונג און די גאָלע דזשאָנסלעס די רעשט „מוציא“ מיט זאַלץ.

אָנגעוואַרימט דאָס פנים מיט די הענט, קנייטשט ער שטאַרק איין דעם שטערן, ציט צוזאַמען די בלאָנעבלאָע, דאַרע ליפּן און הייבט אָן בלאָזן.

ביי דער גאַנצער צייט האָט פון אים דער תלמיד קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט. און בשעת דעם רבי׳נס ציטעריק מויל איז אַקעגנגע־לאָפן דעם ערשטן לעפל גריץ, האָט אים עפּעס אָנגעכאַפּט ביים

האַרץ; ער האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט בּיידע הענט און האָט זיך אײַנגאַנצן אײַנגעצויגן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז אַרײַנגעקומען נאָך אַ יונג מיט נאָך אַ שיסל גריץ מיט ברויט:

„ר׳ יוסף שיקט דעם תּלמיד אָנבײַסן!“

נאָר דער תּלמיד האָט נישט אַוועקגענומען די הענט פון פּנים.

דער ראש־ישיבה האָט אַוועקגעלייגט דעם לעפל און איז צוגע־גאַנגען צום תּלמיד. אַ ווײַלע האָט ער מיט שטאָלצער ליבע אויף אים געקוקט, דערנאָך האָט ער אײַנגעהילט די האַנט אין דער פּאָלע און אָנגערירט אים דעם אַקסל.

— מען האָט דיר געבּרענגט עסן. — וועקט ער אים מיט אַ פרײַנדלאַך קול.

טרויעריק און לאַנגזאַם האָט דער תּלמיד אַוועקגענומען די הענט פון פּנים. און דאָס פּנים איז נאָך בלאַסער געוועזן, און די אונטער־געשלאָגענע אויגן האָבן נאָך ווילדער געבּרענט.

— איך ווייס, רבי! — ענטפערט ער — נאָר איך וועל נישט עסן הײַנט.

— דער פערטער תּענית? — האָט דער ראש־ישיבה געפרעגט פאַרוואונדערט. — און אָן מיר? — גיט ער צו מיט אַ פּרעטענזיע.

— עס איז אַן אַנדערער תּענית — ענטפערט דער תּלמיד. — עס איז אַ תּענית־תּשובה!

— וואָס רעדסטו? דו — און אַ תּענית־תּשובה?

— יאָ, רבי! אַ תּענית־תּשובה... אַ רגע פריער, ווען איר האָט אָנגעהויבן עסן, האָב איך געהאַט אַ הרהור — עובר צו זײַן אויף לא־תחמוד!

---

אין דער זעלבער נאַכט, גאַנץ שפּעט, האָט דער תּלמיד געוועקט דעם רבין. זיי זענען ביידע געשלאָפן, זיך געגן איבער, אויף בענק אין קלויז.

— רבי — רבי! — האָט ער גערופן מיט אַ שוואַך קול.

— וואָס איז? — האָט זיך דער ראש־ישיבה אויפגעכאַפּט דער־שראָקן.

— איך בין אַצונד געווען אין דער הויכער מדרגה...

— ווי אַזוי? — פרעגט דער ראש־ישיבה נאָך אַביסל פאַרשלאָפן.

— עס האָט אין מ י ר געזונגען!

דער ראש־ישיבה האָט זיך אויפגעזעצט:

— ווי אַזוי, ווי אַזוי?

— איך ווייס אַליין נישט, רבי. — האָט דער תלמיד מיט נאָך אַ שוואַכערן קול געענטפערט. — איך האָב נישט געקאָנט שלאָפן, האָב איך מיך פאַרטיפט אין אײנער שמועס... איך האָב געוואָלט דווקא קאָנען דעם ניגון... און איך האָב, פאַר גרויס צער, וואָס איך קאָן נישט דעם ניגון, אָנגעהויבן וויינען... עס האָט אין מיר אַלץ געוויינט; אַלע אברים האָבן געוויינט פאַר׳ן ריבונו של עולם!

דערביי האָב איך געמאַכט צירופים, וואָס איר האָט מיר איבער־געגעבן... אַ וואונדערלאַכע זאַך: נישט מיט׳ן מויל, נאָר עפּעס אינעווייניק... פון זיך אַליין! ראַפּטום איז מיר ליכטיק געוואָרן... איך האָב געהאַלטן צו די אויגן, און עס איז מיר געווען ליכטיק, זייער ליכטיק, זייער שטאַרק ליכטיק!...

— אָט! — בייגט זיך צו דער ראש־ישיבה.

— דערנאָך איז מיר געוואָרן פון דעם ליכט אַזוי גוט, אַזוי לײכט... עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך ווער גאָר נישט, אַז מײן גוף האָט די וואָג פאַרלוירן, אַז איך קאָן פליען...

— אָט! אָט!

— דערנאָך בין איך געוואָרן לוסטיק, לעבעדיק, לאַכעדיק... דאָס פּנים האָט זיך מיר נישט גערירט, די ליפּן אויך נישט, און איך האָב דאָך געלאַכט... און אַזוי גוט, אַזוי האַרציק, אַזוי נחת׳דיק געלאַכט!

— אָט! אָט! אָט! — מתוך שמחה!

— דערנאָך האָט עפּעס אין מיר געברומט, ווי אַן אָנהייב פון אַ ניגון געברומט —

דער ראש־ישיבה איז אַראָפּגעשפּרונגען פון זײן באַנק און איז מיטאַמאָל געווען בײם תלמיד: —

— נו — נו —

— דערנאָך האָב איך געהערט, ווי עס האָט אין מיר אָנגעהויבן זינגען!

— וואָס האָסטו געפילט? וואָס? זאָג!

— איך האָב געפילט, אַז אַלע חושים זענען מיר פאַרשטאָפּט און פאַרמאַכט, און עפּעס אינעווייניק זינגט... און אַזוי ווי מען דאַרף — גאָר אָן ווערטער, אָט אַזוי...

— ווי אַזוי? ווי אַזוי?!

— ניין, איך קאָן נישט... פריער האָב איך געוואוסט... דערנאָך איז פונ׳ם זינגען געוואָרן... געוואָרן...

— וואָס איז געוואָרן — וואָס?...

— אַ מין שפּילן... גלייך, להבדיל, איך וואָלט אינעווייניק אין מיר אַ פידל געהאַט. אָדער גלייך יונה קלעזמער זאָל אין מיר זיצן און שפּילן זמירות, ווי ביים רבי׳ן צו טיש! נאָר עס האָט געשפּילט נאָך בעסער, נאָך איידעלער, מיט נאָך מער רוחניות! און אַלץ אָן אַ קול, אָן אַ שום קול — ס אַ מ ע רוחניות!...

— וואויל איז דיר! וואויל איז דיר! וואויל איז דיר!

— אַצונד איז אַלץ אַוועק! — מאַכט טרויעריק דער תלמיד. — עס האָבן זיך מיר צוריק געעפענט די חושים, און איך בין אַזוי מיד, אַזוי, אַ־זוי מי־ד! אַז איך...

— רבי! — האָט ער ראַפּטום אַ געשריי געטאָן, זיך אָנכאַפּנדיק ביים האַרץ. — רבי! זאָגט מיט מיר ווידוי! מען איז געקומען נאָך מיר! — עס האָט דאָרט אין פמליא של מעלה אַ זינגערל פאַרפעלט! אַ מלאך מיט ווייסע פליגל!... רבי! רבי! שמע ישראל! שמעעע... יש...

דאָס גאַנצע שטעטל, ווי איין מענש, האָט זיך געוואונשן אַזאַ טויט; נאָר פאַר׳ן ראש־ישיבה איז נאָך ווייניק.

— נאָך אַפּאָר תעניתים, — קרעכצט ער, — וואָלט ער שוין געשטאָרבן „בנשיקה“!

# צווישן צוויי בערג.

פון בריסקער רב און ביאַלער רבין האָט איר אוודאי געהערט, דאָך נישט אַלע ווייסן, אַז דער ביאַלער צדיק, ר׳ נח׳קע, איז פריער געוועזן דעם בריסקער רב׳ס אַ תלמיד מובהק, אַז ער האָט ביי אים געלערנט אַ שיינע פּאָר יאָר, און דערנאָך ערשט איז ער נעלם געוואָרן, אָפּגעהאַלטן אַ פּאָר יאָר „גלות“, און איז נתגלה געוואָרן אין ביאַלע.

און אַוועק איז ער מהאי טעמא: מען האָט געלערנט תורה, נאָר די תורה, האָט דער רבי געפילט, איז טרוקענע תורה... מען לערנט, למשל, אַ דין פון שאלות נשים, פון בשר-בחלב, צי דיני ממונות... זייער וואויל! קומט ראובן ושמעון האָבן אַ דין תורה, קומט אַ משרת אַ שאלה פרעגן, אָדער אַן אשה האָט אַ שאלה, — קריגט באותה הרגע דאָס לערנען אַ חיות, לעבט עס אויף און עס האָט אַ ממשלה אויף דער וועלט. אָבער אַזוי, אַן זיי, פילט דער רבי, אַז די תורה, דאָס הייסט: דער גוף פון דער תורה, דער נגלה, דאָס וואָס עס ליגט פון אויבן אויף, איז טרוקן. נישט דאָס, האָט ער געפילט, איז תורת חיים! — תורה דאַרף לעבן! לערנען אַנדערע קבלה-ספרים האָט מען אין בריסק נישט געטאָרט. דער בריסקער רב איז געוועזן אַ מתנגד און בטבע אַ „נוקם ונוטר כנחש“. האָט עמיץ אַנגערירט אַ זוהר, אַ פרדס, פלעגט ער שעלטן, אין חרם אַריינלייגן! איינעם האָט מען געכאַפּט ביי אַ קבלה-ספר, האָט ער אים געלאָזט אָפּגאָלן די באָרד דורך ערלים! וואָס קלערט איר? דער מענש איז יצא מדעתו געוואָרן, אין מרה-שחורה אַריינגעפאַלן. און, וואָס מער חידוש איז, עס האָט אים שוין קיין גוטער איד נישט געהאָלפן! — איר שפּילט אייך מיט׳ן בריסקער רב! און פונדעסטוועגן, ווי פאָרט מען עס אוועק פון בריסקער רב׳ס ישיבה?!

אַ צייט לאַנג האָט ער זיך טאַקע געשלאָגן מיט דער דעה.

נאָר איינמאָל האָט מען אים געוויזן אַ חלום. עס האָט זיך אים גע׳חלומ׳ט, אַז דער בריסקער רב איז צו אים אַריינגעקומען

און געזאָגט: „קום, נח, וועל איך דיך פירן אין גן־עדן התחתון אַרײַן". און ער האָט אים אָנגענומען בײַ דער האַנט און געפירט. זײַ זענען געקומען אין אַ גרויסן פּאַלאַץ אַרײַן. אין פּאַלאַץ איז נישט געוועזן נישט קײַן טיר און נישט קײַן פענסטער, אויסער דער טיר, דורך וועלכער זײַ זענען אַרײַנגעגאַנגען. ליכטיק איז דאָך אין פּאַלאַץ געוועזן, ווײַל די ווענט, ווי עס האָט זיך דעם רבי'ן געדאַכט, זענען געווען פון קריסטאַל און האָבן געשלאָגן פון זיך אַלײן אַ ליכטיקן גלאַנץ.

און זײַ גײען אַזוי און גײען, און מען זעט נישט קײַן סוף.

— האַלט דיך אָן מײַן יופּעצע, — מאַכט דער בריסקער רב, — דאָ איז פאַראַנען סאַליעס אין לשער ואין לספר, און קוים רײַסטו דיך אָפּ פון מיר, וועסטו פאַרבלאָנדזשען אויף אײביק...

דער רבי טוט אַזוי, און זײַ גײען אַלץ ווײַטער און ווײַטער, און אויפ'ן גאַנצן וועג זעט ער נישט קײַן בענקל, קײַן שום כלי־בית, גאָרנישט!

— דאָ זיצט מען נישט, — פאַרטײַטשט אים דער בריסקער רב, — נאָר מען גײט אַלץ ווײַטער און ווײַטער! — און ער איז אים נאָכגעגאַנגען. און אײן זאַל איז גרעסער און ליכטיקער געוועזן פון דעם צווייטן, און די ווענט האָבן געשײַנט דאָ מיט דער, דאָ מיט אַן אַנדער קאָליר; דאָ מיט עטלאַכע, דאָרט מיט אַלערלײ קאָלירן... נאָר קײַן מענטשן האָבן זײַ נישט געטראָפן אויפ'ן וועג...

דער רבי איז מיד געוואָרן גײענדיק. עס האָט אים באַגאָסן אַ שוויים, אַ קאַלטער שוויים. קאַלט איז אים אויך געוואָרן אין אַלע אברים. דערצו הײבן אים נאָך אָן די אויגן ווײ צו טאָן פון באַשטענדיקן גלאַנץ...

און עס איז אָנגעפאַלן אויף אים אַ שטאַרקע בענקשאַפט, אַ בענקשאַפט צו אידן, צו חברים, צו כל ישראל! אַ קלײניקײט — מען זעט קײַן איד נישט פאַר זיך!...

— בענק נישט צו קײנעם. — מאַכט דער בריסקער רב. — דאָס איז אַ פּאַלאַץ נאָר פאַר מיר און פאַר דיר... דו וועסט אויך אַמאָל זײַן בריסקער רב!

און דער רבי האָט זיך נאָך מער דערשראָקן און אָנגעכאַפּט זיך אָן דער וואַנט, נישט אומצופאַלן. און די וואַנט האָט אים אָפּגעבריט! נאָר נישט ווי פייער בריט, נאָר ווי אייז בריט!

— רבי! — האָט ער אַ געשריי געטאָן. — די ווענט זענען אייז, נישט קריסטאַל! פּשוט אייז!

דער בריסקער רב שווייגט.

און דער רבי שרייט ווייטער:

— רבי, פירט מיך אַרויס פון דאַנען! איך וויל נישט זיין אַליין מיט אייך! איך וויל זיין צוזאַמען מיט כל ישראל!

און קוים האָט ער עס אַרויסגעזאָגט, איז דער בריסקער רב נעלם געוואָרן, און ער איז געבליבן איינער אַליין אין פּאַלאַץ.

קיין וועג, ווי אויס און ווי איין, ווייסט ער נישט; פון די ווענט שלאָגט אויף אים אַ קאַלטער פּחד; און די בענקשאַפט צו אַ איד, צו דערזען אַ איד, באַדיי אַ שוסטער, אַ שניידער, איז אַלץ ביי אים שטאַרקער און שטאַרקער געוואָרן. האָט ער אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען...

„ריבונו של עולם, — האָט ער זיך געבעטן, — נעם מיך אַרויס פון דאַנען! בעסער אין גיהנם מיט כל ישראל צוזאַמען, איידער דאָ איינער אַליין!“

און באותו הרגע, האָט זיך אים באַוויזן אַ פּראָסט אידל, מיט אַ רויטן בעל־עגלה׳שן גאַרטל אויף די לענדן און אַ לאַנגער בייטש אין דער האַנט. דאָס אידל האָט אים, שווייגנדיק, אָנגענומען ביים אַרבל, אַרויסגעפירט פון פּאַלאַץ און איז — פאַרשוואונדן געוואָרן. אַזאַ חלום האָט מען אים געוויזן!

אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג, קוים וואָס עס האָט אָנגעהויבן גרויען, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט קיין פּראָסטער חלום געווען. ער האָט זיך געשווינט אָנגעטאָן און געוואָלט לויפן אין בית־המדרש אַריין, לאָזן זיך פּותר חלום זיין פון די לומדים, וואָס נעכטיקן אין בית־המדרש. דורכגייענדיק דעם מאַרק, האָט ער אָבער דערזען אַ שטייענדיקע בויד, אַן איינגעשפּאַנטע גרויסע, פאַרצייטישע בויד, און ביי דער בויד איז גע־

שטאַנען אַ בעל־עגלה, מיט אַ רויטן גאַרטל אַרום די לענדן, אַ לאַנגער בײַטש אין דער האַנט, און פּונקט אַזאַ אידל, ווי דער, וואָס האָט אים אין חלום אַרויסגעפירט פון פּאַלאַץ.

שטויסט ער זיך, אַז „דברים בגו"; גייט ער צו און פרעגט:

— וואו אַהין פאָרט אַ איד?

— נישט ד י י ן וועג! — ענטפערט דער בעל־עגלה גאָר גראָב.

— פאָרט? — בעט ער זיך. — אפשר וועל איך מיטפאָרן!

דער בעל־עגלה האָט זיך אַביסל פאַרטראַכט און דערנאָך גע־ענטפערט:

— און צו פוס — זאָגט ער — קאָן אַזאַ בחור נישט גיין? גיי דיר דײַן וועג!

— און וואו אַהין זאָל איך גיין?

— וואו די אויגן וועלן דיך טראָגן. — ענטפערט דער בעל־עגלה און דרייט זיך אָפּ. — מײַן דאגה!

דער רבי האָט פאַרשטאַנען און האָט זיך געלאָזט אין גלות אַרײַן.

ווי געזאָגט, נתגלה איז ער געוואָרן עטלאַכע יאָר שפּעטער אין ביאַלע. (עד מפי עד, ווי אַזוי עס איז געוועזן, דערציי֗ל איך נישט, כאָטש עס איז מויל און אויערן אויפצושטעלן!) און, לערך אַ יאָר נאָך זײַן התגלות, האָט מיך אַ ביאַלער בעל־הבית, ר׳ יחיאל האָט ער געהייסן, אַראָפּגעבראַכט צו זיך פאַר אַ מלמד.

לכתחילה האָב איך אַפילו נישט געוואָלט אָננעמען דאָס מלמדות. ר׳ יחיאל, מוזט איר וויסן, איז געוועזן אַן עושר, אַ פאַרצייטישער אָנגעשטאָפּטער עושר. די טעכטער פלעגט ער געבן צו טויזנט רענדלאַך נדן און טאָן מיט די גרעסטע רבנים; און זײַן לעצטע שנור איז געוועזן טאָקע דעם בריסקער רב׳ס טאָכטער!

פאַרשטייט איר דאָך אַליין, אַז אויב דער בריסקער רב מיט די רעשט מחותנים זענען חולקים, מוז ר׳ יחיאל אויך זײַן אַ חולק... און איך בין דוקא אַ ביאַלער חסיד, נו, — ווי לאָזט מען זיך אין אַזאַ הויז אַרײַן?

האָט עס מיך אָבער פאָרט געצויגן קיין ביאַלע! אַ קליי֗ניקייט—

מיט'ן רבי'ן אין איין שטאָט! געקלערט אַהין, געקלערט אַהער, איך פאַר!

און ר' יחיאל אליין, האָט זיך אויסגעוויזן, איז אַן אמת פשוט'ער, כשר'ער איד. איך בין איינך אפילו ערב, אַז זיין הארץ האָט געצויגן צו אַ רבי'ן ווי מיט צוואַנגען. וואָרים באמת, קיין למדן איז ער נישט געוועזן, אויפ'ן בריסקער רב פלעגט ער אוודאי קוקען ווי אַ האָן אויפ'ן בני אָדם! ווערט ער מיר נישט צו האַלטן זיך אָן ביאַלער רבי'ן, נאָר ער אליין איז זיך מתרחק. אַז איך דערצייל עפּעס פון רבי'ן, מאַכט ער זיך געגעצן, כאָטש די אויערן, זע איך, שפּיצט ער אויף. נאָר דער זון זיינער, דעם בריסקער רב'ס איידעם, דער קנייטשטע איין דעם שטערן, קוקט אויף מיר מיט כעס און ליצנות צוזאַמען, נאָר שפּאַרן שפּאַרט ער זיך נישט; ער פלעגט בטבע ווייניק רעדן.

ויהי היום, — ר' יחיאל'ס שנור, דעם בריסקער רב'ס טאָכטער, דאַרף גיין צו קינד! דאַכט זיך, מאַלע אַ ווייבל גייט צו קינד? איז אָבער אַ מעשה דערביי! געוואוסט האָט מען, אַז דער בריסקער רב, ווייל ער האָט אַ חסיד אָפּגעגאָלט, דאָס הייסט: געהייסן אָפּגאָלן באָרד און פאות, איז ניזוק געוואָרן פון די צדיקי הדור. זיינע צוויי זין זענען אים, לא עליכם, במשך אַ פינף-זעקס יאָר, נפטר געוואָרן. און אַלע זיינע דריי טעכטער האָבן קיין בנים זכרים נישט געהאַט. דערביי איז נאָך יעדע פון זיי געוועזן, רחמנא לצלן, אַ מקשה לילד, בשעת מעשה געוועזן יעדעס מאָל מער דאָרטן ווי דאָ! אַז מען האָט אָבער מן השמים געוואָלט, עס זאָל זיין מחלוקת, האָבן אַלע געזען און געוואוסט, אַז עס איז אַן עונש פון די צדיקי הדור אויפ'ן בריסקער רב, נאָר ער אליין, מיט זיינע ליכטיקע אויגן, האָט עס נישט געזען! און אפשר — נישט געוואָלט זען! ער האָט ווייטער געפירט זיין התנגדות ביד חזקה — מיט חרמות, און תקיפות פון אנשי חיל, ווי אין יענע צייטן...

מיר איז גיטעלע (אַזוי האָט זי, דעם בריסקער רב'ס טאָכטער, געהייסן), באמת אַ שאָד געוועזן, זייער אַ שאָד געוועזן. ערשטנס — אַ אידישע נשמה; צווייטנס — אַ אידישע כשר'ע נשמה; עס איז נאָך אַזאַ צדקת, אַזאַ כשר'ע זאַך אויף דער וועלט נישט געוועזן...

קיין אײנציקע אָרימע כלה האָט אָן איר הילף נישט חתונה געהאַט; אַזאַ זעלטענע בריאה! און דאָס דאַרף געשטראָפט װערן פאַר׳ן פאַטערס כעס! און דעריבער, אַזוי װי איך האָב נאָר באַמערקט, אַז די באָבע הײבט זיך אָן דרײען אין שטוב, האָב איך שוין אָנגעהויבן אַרבעטן אויף אַלע כלים, מען זאָל שיקן צום ביאַלער רבי׳ן... זאָל זײן אַ קוויטל אָן אַ פּדיון, באשר — ער דאַרף נײטיק פּדיונות!...

דער ביאַלער רבי האָט גאָר װײניק געהאַלטן פון פּדיונות.

מיט װעמען אָבער רעדט מען?

איך פּרואװ מיט׳ן בריסקער רב׳ס אײדעם, און איך װײס, אַז ממש נפשו קשורה בנפשה, װאָרים, װי ער האָט זיך נישט באַהאַלטן, האָט דאָס שלום־בית אַרויסגעשמעקט פון יעדן װינקעלע, פון אַלע זײערע תנועות און העװיות. איז ער דאָך אָבער דעם בריסקער רב׳ס אײדעם! שפּײט ער אויס, גײט ער אַװעק און לאָזט מיך שטײן מיט אַן אָפן מויל.

נעם איך מיך צו ר׳ יחיאל׳ן אַלײן, ענטפערט ער מיר: עס איז דעם בריסקער רב׳ס טאָכטער! איך װעל עס אים, דעם בריסקער רב, נישט טאָן, אפילו בײ סכנת נפשות, חס ושלום! פּרואװ איך מיט זײן פלונית׳טע, — אַ כשר׳ע אידענע, נאָר אַ פּראָסטע, — ענטפערט זי מיר כהאי לישנא: זאָל מײן מאַן הערן, שיק איך באַלד צום רבי׳ן מײן יום־טוב׳דיק שטערן־טיכל מיט די אוירינגלאַך; אַ מטמון מיט געלט האָט עס געקאָסט! נאָר אָן מײן מאַן — נישט קײן פּחות משוה פּרוטה, נישט אַ פּיפּס!

— אָבער אַ קוויטל... װאָס שאַדט אײך אַ קוויטל?

— אָן מײן מאַנס װיסן, גאָרנישט! — ענטפערט זי, טאַקע װי אַ כשר׳ע אידענע דאַרף ענטפערן, און דרײט זיך אָפּ פון מיר. און איך זע, אַז זי װיל נאָר באַהאַלטן די טרערן. אַ מאַמע! לב יודע — איר האַרץ האָט שוין געפילט די סכנה...

אַז איך האָב אָבער געהערט דעם ערשטן געשרײ, בין איך אַלײן געלאָפן צום רבי׳ן.

— שמעיה, — ענטפערט ער מיר, — װאָס זאָל איך טאָן? איך װעל מתפּלל זײן!

— גיט מיר, רבי, — בעט איך, — פאַר דער יולדת וואָס עס איז — אַ שמירה׳לע, אַ מטבע, אַ קמיעה׳לע... וואָס עס איז גיט מיר...

— עס וועט, חס ושלום, ערגער מאַכן; — ענטפערט ער: — אָן אמונה שאַדן אַזוינע זאַכן, און זי האָט דערינען קיין אמונה נישט...

וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? עס איז די ערשטע טעג סוכות, זי איז מקשה לילד, העלפן קאָן איך נישט, בלייב איך שוין בעסער ביים רבי׳ן אין שטוב. אַ בן־בית בין איך געוועזן, טראַכט איך מיר, איך וועל קוקן יעדע רגע מיט געבעט צום רבי׳ן, אפשר וועט ער זיך מרחם זיין...

הערן הערט זיך, אַז עס איז נישט גוט, דעם דריטן טאָג שטייען שוין די וויי׳ען... מען האָט שוין אַלץ געטאָן, וואָס מען האָט געקאָנט: די שול איינגעריסן, קברים געמאָסטן, הונדערטער פונט ליכט אויס־געברענט אין שול, אין בתי־מדרשים, היינט צדקה — אַ מטמון!... עס איז דען נאָכצודערציילן? אַלע קליידער־שענק זענען געשטאַנען אָפן; אַ באַרג מיט אַלערליי מטבעות איז געלעגן אויפ׳ן טיש, און אָרימע לייט זענען אַריינגעקומען און גענומען, ווער עס וויל, וואָס ער וויל, וויפיל ער וויל!

עס האָט מיך שטאַרק אָנגעכאַפּט דאָס האַרץ.

— רבי, — זאָג איך, — עס שטייט דאָך: צדקה תציל ממות.

און ער ענטפערט מיר, שלא ממין הטענה, דאַכט זיך:

— אפשר וועט קומען דער בריסקער רב!

און באותו הרגע קומט אַריין ר׳ יחיאל! צום רבי׳ן רעדט ער נישט, גלייך ווי ער וואָלט אים נישט געזען, נאָר —

— שמעיה, — זאָגט ער צו מיר, און כאַפּט מיך אָן ביים לאַץ,

— אונטן שטייט אַ פור; גיי, זעץ דיך און פאָר צום בריסקער רב, זאָל ער קומען...

און געפילט האָט ער שוין אַפּנים, אין וואָס עס גייט, וואָרים צוגעגעבן האָט ער:

— זאָל ער אַליין זען, וואָס עס טוט זיך! זאָל ער זאָגן, וואָס צו טאָן!

און אפּנים האָט ער געהאַט, וואָס זאָל איך אײַך זאָגן — מתים זענען שענער פֿאַר אים!

מילא, פֿאַר איך! טראַכטן, טראַכט איך מיר, אַז אויב דער רבי ווײַסט, אַז ער וועט קומען, וועט שוין עפּעס דערפֿון אַרויס! אפשר נאָך אַ שלום! דאָס הײַסט: נישט צווישן בריסקער רב מיט׳ן ביאַלער רבי׳ן, זײַ אַלײן האָבן קײַן מחלוקות נישט געפֿירט, נאָר צווישן די צדדים בכלל! וואָרים באמת, אַז ער וועט קומען, וועט ער דאָך זען! אויגן האָט ער דאָך!

נאָר מן השמים, אַפּנים, לאָזט מען אַזאַ זאַך אַזוי געשווינט נישט צו. מן השמים האָט מען מיט מיר מלחמה געהאַלטן. קוים בין איך אַרויסגעפֿאָרן פֿון ביאַלע, גיט זיך איבער׳ן הימל אַ יאָג אַ כמאַרע, אָבער ווי הײַסט אַ כמאַרע! אַ שוואַרצער שווערער וואָלקן, ממש ווי סמאַלע, און אַ בלאָז האָט פּלוצים געטאָן, גלײַך עס וואָלטן רוחות געפֿלויגן און פֿון אַלע זײַטן מיט אַמאָל. אַ פֿויער, להבדיל, פֿאַרשטײַט זיך אויף אַזוינע זאַכן, צלמ׳ט ער זיך און זאָגט, אַז עס וועט זײַן, חס ושלום, אַ שווערער וועג, און ווײַזט מיר מיט׳ן בײַטש אין הימל אַרײַן... תוך כדי־דיבור מאַכט זיך נאָך אַ שטאַרקערער ווינט; ער צערײַסט די כמאַרע, ממש ווי מען צערײַסט אַ שטיק פּאַפּיר, און הײבט אָן צו יאָגן און צו טרײַבן אײן שטיק כמאַרע אויף דער צווײטער, אײנע אויף דער צווײטער, גלײַך ער וואָלט קריעס געטריבן אויף אַ טײַך. איך האָב שוין איבער׳ן קאָפּ צוויי שטאָק און דרײַ שטאָק כמאַרע. לכתחילה האָב איך אַפֿילו קײַן מורא נישט געהאַט: אויסגענעצט ווערן איז בײַ מיר קײַן נײַעס נישט געווען, און פֿאַר דונערן שרעק איך מיר נישט. ערשטנס, דונערט נישט סוכות־צײַט, און צווייטנס — נאָכ׳ן רבי׳נס שופר־בלאָזן! מיר האָבן אַ קיימאַ־לן, אַז נאָך אַזאַ שופר־בלאָזן האָט אַ גאַנץ יאָר קײַן דונער קײַן שליטה נישט! אַז עס האָט אָבער ראַפּטום געגעבן אַ פּלאַסק מיר אין פּנים אַרײַן, ווי מיט אַ בײַטש... אײן מאָל, דאָס צווייטע מאָל, דאָס דריטע מאָל... איז מיר טאַקע דער מוטערס מילך אַנטפֿאַלן! איך האָב געזען בחוש, אַז דער הימל פּאַטשט מיך, אַז מען טרײַבט מיך צוריק!

און דער פויער, להבדיל, בעט זיך אויך: לאָמיר צוריקפאָרן.

איך ווייס אָבער, עס איז סכנת נפשות; איך זיץ אויף דער פור, אינ׳ם שטורעם הער איך, ווי די יולדת קרעכצט, ווי דעם בריסקער רב׳ס אײדעמס פינגער קנאַקן; ער ברעכט זיך די הענט; אויך זע איך פאַר מיר ר׳ יחיאל׳ס שוואַרץ פּנים מיט די אײַנגע־פאַלענע, ברענענדיקע אויגן! פאָר, בעט ער מיך, פאָר — און מיר פאָרן.

און דאָ גיסט און גיסט: עס גיסט פון אויבן, עס שפּריצט פון אונטער די רעדער, און פון אונטער דעם פערדס פיס. און דער וועג ווערט אינגאַנצן פאַרגאָסן, ממש באַדעקט מיט וואַסער. איבער׳ן וואַסער גייט אַ פּיענע, די פור, דאַכט זיך, הייבט שוין אָן שווימען — וואָס זאָל איך אײַך דערציילן? מיר האָבן נאָך דערצו געבלאָנדזשעט... נאָר אויסגעהאַלטן האָב איך!

מיט׳ן בריסקער רב בין איך געקומען אויף הושענא־רבה!

נאָר, דעם אמת צו זאָגן, אַזוי ווי דער בריסקער רב האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף דער פור, איז שטיל געוואָרן! די כמאַרע האָט זיך איבערגעריסן, פון שפּאַלט האָט זיך אַרויסגעוויזן די זון, און מיר זענען בשלום שיין און טרוקן אַרײַנגעפאָרן קיין ביאַלע. דער פויער, להבדיל, האָט עס אַפילו באַמערקט און געזאָגט אויף זײַן לשון: וועלקי ראַבין, צי דוזשי ראַבין!...

נאָר דער עיקר איז געוועזן אונזער אַרײַנקומען!

ווי די הייזעריקן זענען צו אים צוגעפאַלן די ווײַבער, וואָס זענען אין שטוב געוועזן... כמעט אויפ׳ן פּנים זענען זיי פאַר אים געפאַלן און געוויינט... די יולדת פון דער צווייטער שטוב הערט מען נישט, אָדער דורכ׳ן געוויין פון די ווײַבער אָדער, טראַכט איך, זי האָט שוין, חס ושלום, קיין כוח נישט צו קרעכצן... ר׳ יחיאל האָט אונז אַפילו נישט געזען, ער איז געשטאַנען אַרײַנגע־דריקט מיט׳ן שטערן אין אַ שויב; דער קאָפּ האָט אים, אַפּנים, געברענט...

דעם בריסקער רב׳ס אײדעם דרייט זיך אויך נישט איבער דערלאַנגען שלום. ער שטייט מיט׳ן פּנים צו דער וואַנט, און איך

זע בחוש, ווי דער גוף זײַנער ציטערט און ווי דער קאָפּ קלאַפּט אָן דער וואַנט!...

איך האָב געמיינט, איך פאַל! אַזוי האָט מיך דער צער אָן די שרעק דורך און דורך גענומען. עס איז מיר קאַלט געוואָרן אין אַלע אברים; איך האָב געפילט, אַז די נשמה ווערט אין מיר קאַלט!...

נאָר צי האָט איר געקענט דעם בריסקער רב?

דאָס איז געווען אַ מענטש — אַן עמוד ברזל, זאָג איך אײַך!

אַ הויכער, הויכער איד, טאַקע „משכמו ומעלה“... אַן אימה האָט ער געוואָרפן, ווי אַ מלכות! — אַ ווײַסע לאַנגע באָרד, אײַן שפּיץ, געדענק איך נאָך ווי הײַנט, האָט זיך אים אַרײַנגערוקט אונטער׳ן גאַרטל, דער צווייטער שפּיץ־באָרד ציטערט איבער׳ן גאַרטל...

ברעמען — ווײַסע, דיקע, לאַנגע — אַ האַלב פּנים האָבן זיי אים פאַרשטעלט. און אַז ער האָט זיי אויפגעהויבן — ריבונו של עולם! די נשים זענען ממש צוריקגעפאַלן, ווי פון אַ דונער צוריקגעוואָרפן, אַזוינע אויגן האָט ער געהאַט! — חלפים, בלאַנקע חלפים האָבן אין זיי געבליצט! און אַ געשריי האָט ער געטאָן ווי אַ לייב: אַוועק, נשים!

דערנאָך האָט ער שטילער און איידעלער געפרעגט:

און וואו איז מײַן טאָכטער?

מען האָט אים געוויזן.

ער איז אַרײַנגעגאַנגען, און איך בין געבליבן שטיין, ממש אַרויס פון די כלים: אַזוינע אויגן, אַזאַ בליק, אַזאַ קול! עס איז גאָר אַן אַנדער דרך, אַן אַנדער וועלט! דעם ביאַלער רבי׳נס אויגן לײַכטן אַזוי גוט, אַזוי שטיל, עס קומט אַרײַן אַ חיות אין הארץ; ער וואַרפט אויף דיר אַ בליק, האָט ער דיך מיט גאָלד באַשיט... און זײַן קול, דאָס זיסע קול, דאָס סאַמעטן־זיסע קול — ריבונו של עולם, בײַם האַרץ כאַפּט עס אָן, בײַם האַרץ גלעט עס אַזוי שטיל, אַזוי מחיה׳דיק... נישט קײַן מורא, חס ושלום, האָט מען פאַר אים, נאָר די נשמה צעגייט אין ליבשאַפט, אין מתיקות פון

ליבשאַפט. זי וויל אַרויס פון גוף און באַהעפטן זיך מיט זײַן נשמה... זי רײַסט זיך ווי, להבדיל, אַ זומערפליגעלע צו אַ העלער פלאַם!... און דאָ — ריבונו של עולם: אימה ופחד! אַ גאון, אַ פאַרצײַטישער גאון! און ער גייט אַרײַן צו אַ יולדת!

„ער וועט פון איר מאַכן — שרעק איך מיך — אַ גל של עצמות!“
לויף איך צום רבי׳ן.

און דער רבי באַגעגנט מיך באַלד אין טיר מיט אַ שמייכל:

— האָסט געזען, — מאַכט ער, — כבוד התורה? ריינעם כבוד התורה?

איך האָב מיך כאַרויקט. אַז דער שמייכלט, טראַכט איך, איז גוט!

---

און עס איז טאַקע גוט געווען. שמיני עצרת איז זי איבערגעקומען. שמחת־תורה האָט שוין דער בריסקער רב געזאָגט תורה ביים טיש. איך האָב געוואָלט ערגעץ אַנדערש זײַן ביים טיש, נאָר איך האָב מורא געהאַט. בפרט, אַז מיט מיר איז געווען אַ מנין... מען וועט בענשן „נברך אלהינו...“

מילא, וואָס זאָל איך דערציילן? דעם בריסקער רבי׳ס תורה? אויב די תורה איז אַ ים, איז ער געווען דער לויתן אין ים; מיט איין תנועה גיט ער אַ שווים דורך צען מסכתות, מיט איין תנועה מישט ער אויס ש״ס ופוסקים! אַז עס הילכט און שפריצט, זידט און קאָכט, טאַקע, ווי מען דערציילט פון אמת׳ן ים... דעם קאָפּ האָט ער מיר צעשרויפט... נאָר „לב יודע מרת נפשו“! דאָס האַרץ מײַנס האָט פאָרט נישט געהאַט קיין שמחת יום־טוב! און דעמאָלט האָב איך מיך דערמאָנט אין רבי׳נס חלום... און איך בין פאַרשטאַרט געוואָרן! די זון איז געלעגן אין פענסטער, ווײַן האָט ביים טיש נישט געפעלט, דער גאַנצער עולם, זע איך, שוויצט. און מיר? מיר איז געוואָרן קאַלט, קאַלט ווי אײַז. און דאָרטן, האָב איך געוואוסט, זאָגט מען אַנדערע תורה... דאָרטן איז ליכטיק און וואַרעם... יעדעס וואָרט איז דורכגעוועבט און דורכגעווייקט מיט אהבה און דבקות... מלאכים, פילט מען, פליען אַרום שטוב; ממש

מען הערט, ווי עס רוישן די גרויסע, ווײַסע פליגל... אַי, ריבונו של עולם! נאָר אַוועקגײן טאָר מען נישט!

פלוצלונג, האָט ער איבער, דער בריסקער רב, און גיט אַ פרעג:

— וואָס פאַר אַ רבי'ן האָט איר עס דאָ?

— אײנעם, אַ נח. — ענטפערט מען אים.

מילא, שנײַדט עס מיך בײַם האַרץ! „אײנעם, אַ נח" — אַך, די חנופה, די חנופה!

— אַ בעל־מופת? — פרעגט ער ווײַטער.

— ווײניק, מען הערט נישט... ווײַבער אַפילו דערצײלן, נאָר ווער הערט זײ?

— ער נעמט אַ ז ו י געלט, אָן מופתים...

זאָגט מען אים שוין דעם אמת, אַז געלט נעמט ער ווײניק און גיט אַ סך אַוועק.

דער בריסקער רב פאַרקלערט זיך.

— און לערנען קאָן ער?

— מען זאָגט — אַ גדול!

— פון וואַנען איז ער, דער נח?

קײנער ווײסט נישט, און איך מוז ענטפערן. מאַכט זיך שוין אַ שמועס צווישן מיר מיט'ן בריסקער רב.

— איז ער נישט, דער נח, אַמאָל אין בריסק געוועזן? — פרעגט ער.

— צי דער רבי — שטאַמל איך — איז געוועזן אין בריסק? דאַכט זיך — יאָ!

— אָ! — מאַכט ער — אַ חסיד זײַנער! — און עס האָט זיך מיר געדאַכט אַז ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן ווי אויף אַ שפּין.

און ער האָט זיך איבערגעדרײט צום עולם:

— בײַ מיר, — זאָגט ער, — איז אַמאָל געוועזן אַ תלמיד „נח"... אַפילו אַ גוט קעפּל, נאָר עס האָט אים געצויגן אין יענער זײַט אַרײַן. איך האָב אים אײן מאָל געזאָגט, צוויי מאָל... איך האָב

אים געוואָלט זאָגן צום דריטן מאָל, מזהיר זײַן, איז ער מיר נעלם געוואָרן... צי איז עס נישט ד ע ר?

— וועד ווײַיסטו?

און ער הײַבט אָן אויסמאָלן: אַ דאַרער, אַ קלײַנער, אַ שוואַרץ בערדל, שוואַרצע געקרײַזלטע פאות, אַ פאַרטראַכטער, אַ שטיל קול און דערגלײַכן.

— עס קאָן זײַן, — זאָגט דער עולם, — אַז דאָס איז ער; קרוב לאמת!

איך האָב שוין גאָט געדאַנקט, אַז מען האָט אָנגעהויבן בענשן.

נאָר נאָך דעם בענשן איז געשען אַזוינס, וואָס עס האָט זיך מיר גאָרנישט געקאָנט חלומ׳ען.

דער בריסקער רב הײַבט זיך אויף פון בענקל, רופט מיך אוועק אין אַ זײַט און זאָגט מיר שטילערהײַט: פיר מיך צו ד י י ן ר ב י׳ ן און מ י י ן תלמיד. נאָר, הערסטו — קיינער זאָל נישט ווימן!

מן־הסתם פאָלג איך, נאָר אויפ׳ן וועג פרעג איך אים מיט שרעק:

— בריסקער רב, — זאָג איך, — מיט וואָס פאַר אַ כונה גײַט איר?

און ער ענטפערט מיר פשוט:

— עס איז מיר אײַנגעפאַלן בײַם בענשן, אַז איך בין ביז אַהער געוועזן אַ דן שלא בפניו... זען וויל איך, איך וויל אַלײַין זען, און אפשר — האָט ער שפּעטער צוגעגעבן — וועט מיר גאָט העלפן, איך וועל אַרויסראַטעווען מײַנעם אַ תלמיד.

— ווײַסט, שײַגעץ, — מאַכט ער ווײַטער מיט הלצה, — אַז אויב דײַן רבי איז דער נח, וואָס האָט בײַ מיר געלערנט, קען ער זײַן אַ גדול בישראל, אַ בריסקער רב אַמאָל!

אַצינד האָב איך שוין זיכער געוואוסט, אַז דאָס איז ער, און דאָס האַרץ האָט ערשט אָנגעהויבן צאַפּלען...

---

און די צוויי בערג האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן... אַז איך בין אין דער מיט נישט געבליבן אויפ׳ן אָרט, איז טאַקע אַ נס מן השמים.

דער ביאַלער רבי, זכרונו לברכה, פלעגט שמחת-תורה אַרויס־שיקן די חסידים שפּאַצירן אַרויס דער שטאָט, און ער אַליין איז זיך געזעסן אויפ׳ן גאַניקל און געקוקט און מקבל נחת געווען.

עס איז נישט געווען היינטיקע ביאַלע. עס איז געווען דאַ־מאָלט גאָר אַ קליין שטעטל. סאַמע קליינע, נידעריקע, געבויטע הייזלאַך, אויסער דער שול מיט׳ן רבי׳נס בית-המדרש. דעם רבי׳נס גאַניקל איז געווען אויפ׳ן צווייטן שטאָק, און מען האָט פון גאַניקל אַלץ געזען ווי אויף דער האַנט — די בערגלאַך פון מזרח-זייט, דעם טייך פון מערב... — — און דער רבי זיצט אויפ׳ן גאַניקל און קוקט. דערזעעט עטלאַכע חסידים, וואָס גייען און שווייגן, וואַרפט ער זיי אַראָפּ פון דער הייך אַ התחלה פון אַ ניגון. זיי כאַפּן אונטער און גייען שוין ווייטער זינגענדיק — — און כיתות, כיתות גייען פאַרביי און לאָזן זיך אַרויס פון שטאָט מיט געזאַנג, מיט אמת׳ער פרייד מיט אמת׳ער שמחת תורה... און דער רבי פלעגט זיך נישט רירן פון גאַניקל.

דעמאָלט אָבער האָט דער רבי, אַפּנים, דערהערט אַנדערע טריט, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַקעגן געגאַנגען דעם בריסקער רב.

— שלום עליכם, רבי! — מאַכט ער מיט עניוות און מיט זיין זיס קול.

— עליכם שלום, נח! — האָט דער בריסקער רב געענטפערט.

— זיצט, רבי!

דער בריסקער רב זעצט זיך און דער ביאַלער רבי שטעלט זיך פאַר אים.

— זאָג נאָר, נח! — מאַכט דער בריסקער רב מיט אויפגע־הויבענע ברעמען. — וואָס ביסטו עס אַנטלאָפן פון מיין ישיבה? וואָס האָט דיר דאָרטן געפעלט?

— עס האָט מיר, רבי, — ענטפערט ער געלאַסן, — אָטעם פאַרפעלט... איך האָב נישט געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן...

— ווי הייסטו? וואָס רעדסטו, נח?

— נישט מיר, — פאַרטײַטשט דער רבי מיט אַ שטילערן קול, — נאָר מײַן נשמה האָט אָטעם פאַרפעלט...

— פאַרוואָס, נח?

— אײַער תורה, רבי, איז סאַמע דין! אָן רחמים איז זי! אָן אַ פונק חסד איז אײַער תורה! און דעריבער איז זי אָן שמחה, אָן פרײַען אָטעם... סאַמע ברזל ונחושת, אײַזערנע חוקים, קופּערנע דינים... און סאַמע הויכע תורה, פאַר לומדים, פאַר יחידי סגולה!...

דער בריסקער רב שווײַגט, און דער רבי זאָגט ווײַטער: „און זאָגט מיר, רבי, וואָס האָט איר פאַר'ן כלל ישראל? פאַר'ן האָלץ־העקער, פאַר'ן קצב, פאַר'ן בעל־מלאכה, פאַר'ן פּראָסטן איד?... בפרט — פאַר אַ זינדיקן איד? וואָס, רבי, האָט איר פאַר נ י ש ט לומדים?"

דער בריסקער רב שווײַגט, גלײַך ער פאַרשטייט נישט, וואָס מען רעדט צו אים. און דער ביאַלער רב שטייט אַלץ פאַר אים און זאָגט ווײַטער מיט זײַן זיס קול:

— זײַט מיר מוחל, רבי, נאָר דעם אמת מוז איך אײַך זאָגן... האַרט איז געוועזן אײַער תורה, האַרט און טרוקן, ווײַל זי איז נאָר דער גוף און נישט די נשמה פון דער תורה!

— די נשמה? — פרעגט דער בריסקער רב און רײַבט זיך דעם הויכן שטערן.

— אַוודאי! אײַער תורה, רבי, האָב איך געזאָגט, איז נאָר פאַר יחידי סגולה, פאַר למדנים, נישט פאַר כל ישראל. און די תורה מוז זײַן פאַר כל ישראל, די שכינה מוז רוען אויף כל ישראל, וואָרים די תורה איז די נשמה פון כל ישראל!

— און דײַן תורה, נח?

— איר ווילט זי זען, רבי?

— תורה — זען? — וואונדערט זיך דער בריסקער רב.

— קומט, רבי, איך וועל זי אײַך ווײַזן!... איך וועל אײַך איר גלאַנץ ווײַזן; די שמחה, וואָס שטראַלט אַרויס פון איר אויף אַלע, אויף כל ישראל!

דער בריסקער רב רירט זיך נישט.

— איך בעט אײַך, רבי, קומט, נישט ווײַט!

ער האָט אים אַרויסגעפירט אויפן גאַניקל. שטילערהייט בין איך זיי נאָכגעגאַנגען.

דער רבי האָט דאָך דערפילט: — מעגסט נאָכגיין, — מאַכט ער, — שמעיה, הײַנט וועסטו אויך זען... דער בריסקער רב וועט אויך זען... שמחת תורה וועט איר זען... איר וועט זען אמת'ע שמחת תורה!

און איך האָב געזען דאָס אייגענע, וואָס אַלע שמחת-תורה, נאָר איך האָב א נ ד ע ר ש געזען... ווי אַ פאָרהאַנג איז מיר אַוועק-געפאַלן פון די אויגן.

אַ גרויסער, ברייטער הימל — ממש אין-סוף, און בלוי, אַזוי העל-בלוי איז דער הימל געווען, אַז עס האָט מחיה געווען דאָס אויג. איבער'ן הימל זענען געשוואומען ווײַסע, ממש זילבערנע, וואָלקנדלאַך; אַז מען האָט זיך אין זיי אײַנגעקוקט, האָט מען געזען, ווי זיי ציטערן ממש פאַר פרייד, ווי זיי טאַנצן אונטער מיט שמחת תורה! ווײַטער האָט אַרומגענומען די שטאָט אַ גרינער, ברייטער גאַרטל, אַ טונקל-גרינער, נאָר דאָס גרינע איז געווען לעבעדיק-גרין, אַזוי לעבעדיק, גלײַך עס וואָלט אַ „חיות" אַרומ-געפלויגן צווישן די גראָזן; וואָס אַמאָל האָט זיך געדאַכט, פלאַמט ערגעץ אַנדערש אויף אַ חיות, אַ געשמאַק, אַ לעבן; מען האָט געזען בחוש, ווי די פלעמלאַך שפּרינגען און טאַנצן צווישן די גרעזלאַך... גלײַך זיי האַלזן זיך און קושן זיך....

און אויף די לאָנקעס מיט די פלעמלאַך האָבן זיך אַרומגעדרייט כיתות און כיתות פון חסידים... די אַטלעסענע און אַפילו די לאַס-טינגענע קאַפּאָטעס האָבן געבלאַנקט ווי די שפּיגל, די צעריסענע ווי די גאַנצע... און די פלעמלאַך, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון צווישן די גרעזלאַך, האָבן זיך געכאַפּט און געטשעפּעט אָן די

שפּיגלדיקע בגדי־יום־טוב, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זײַ טאַנצן אַרום יעדן חסיד, מיט התלהבות, מיט ליבשאַפט... און אַלע כיתות חסידים האָבן געקוקט מיט וואונדערלאַך־דורשטיקע אויגן אַרויף צום רבי׳נס גאַניקל... און די דורשטיקע אויגן, האָב איך געזען ממש בחוש, זויגן פון גאַניקל, פון רבי׳נס פּנים, די ליכט, און וואָס מער ליכט זײַ האָבן געזויגן, העכער געזונגען האָבן זײַ... אַלץ העכער און העכער... אַלץ לוסטיקער, אַלץ הײַליקער...

און יעדע כיתה האָט זיך געזונגען איר ניגון, נאָר אין דער לופט האָבן זיך די אַלע ניגונים מיט די אַלע קולות אויסגעמישט; און צום רבי׳נס גאַניקל איז צוגעקומען א י י ן זמר, א י י ן ניגון... גלײַך אַלע זינגען אײַן זמר. און אַלע זינגען — דער הימל זינגט, די גלגלים זינגען און די ערד פון אונטן זינגט, און די נשמה פון דער וועלט זינגט — — — אַלץ זינגט!

ריבונו של עולם! איך האָב געמײַנט, איך צעגײ אין מתיקות... עס איז אָבער נישט באַשערט געווען.

— מען דאַרף מנחה דאַוונען! — האָט פּלוצלונג דער בריסקער רב אַרויסגעזאָגט שאַרף, און אַלץ איז פאַרשוואונדן געוואָרן...

שטיל — — דער פאָרהאַנג איז מיר צוריקגעפאַלן פאַר די אויגן: אויבן — אַ פּשוט׳ער הימל, אונטן — פּשוט׳ע פאַשע, פּשוט׳ע חסידים אין צעריסענע קאַפּאָטעס... אַלטע צעריסענע שטיקלאַך ניגונים... אויסגעלאָשן די פלעמלאַך — איך קוק אויפ׳ן רבי׳ן — זײַן פּנים איז אויך חושך. — — —

---

זײַ האָבן זיך נישט אויסגעגלײַכט; דער בריסקער רב איז געבליבן אַ מתנגד ווי פריער; מיט דעם איז ער אַוועקגעפאָרן!

דאָך אַ פּעולה האָט עס געהאַט! גע׳רודפ׳ט האָט ער שוין נישט. —



# ווערטערביכל

## פון שווערערע ווערטער, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך.

---

### א

אב-בית-דין (אַוובעסדן) — דער פאָרזיצנדער פון געריכט.

אבני אלגביש (אַווניי עלגאָוויש) — מעטעארן: שטיינער, וואָס פאַלן פון הימל.

אגב-אורחא (אַגעוו אורכע) — פאַרביי גייענדיק.

אדם רוצה בקב שלו (אָדאָם רויצע בעקאַוו שעלוי) — אַ מענש וויל בעסער איין טאָפּ זיינס, ווי 9 טעפּ פרעמדע.

אהבה (אַהווע) — ליבשאַפט.

אוהל (אויהעל) — אַ שטיבעלע איבער אַ קבר; אַ געצעלט.

אַוועקשנופּן — אַוועקשלעפּן, גנב׳ענען.

אויבל — צירונג.

אויסטעפּן — אַרויסציען.

אויפגעכראַשעט — אָפּן, אויפגעדעקט.

אומפּליט — אומצוכט, אומריינקייט.

אותות ומופתים (אויסעס אומויפסים) — בעסטע באַווייזען.

אחדות הבורא (אַכדעס האַבוירע) — די איינציקייט פונ׳ם באַשעפער, פון גאָט.

איבערדריסיק — דערעסן.

אימה ופחד (איימע וואָפּאַכאַד) — אַ שרעק.

אין חרם אַריינלייגן — אַרויסטרייבן פון געמיינדע.

אין לשער ואין לספּר (איין לעשאַער וועאיין לעסאַפּער) — מען קען זיך ניט פאָרשטעלן, און מען קען ניט איבערציילן.

אין סוף (איין סאָף) — אָן אַן עק, אָן אַן ענד.

אינסינואַציע — אויסגעטראַכטע זאַך; רכילות.

אין פּליוס — אויף אויקציאָן; ווער עס גיט מער.

איש מכובד — געעכטער מאַן.

אל רחום וחנון (איול ראַכום וועכאַנון) — דער דערבאַרעמדיקער און ליוטזעליקער גאָט.

אַלשיך — נאָמען פון אַ בוך.

אם אין תורה אין קמח (אים איין טוירע, איין קעמאַך) — אַז עס איז ניטאָ קיין תורה איז ניטאָ קיין מעל.

אמונה (עמונע) — גלויבן, רעליגיע.

אָמן, כן יהי רצון (אָמיין, קיין יעהי ראָצן) — הלוואַי, זאָל גאָטס ווילן זיין אַזוי.

אנשי חיל (אַנשיי כאַאיל) — סאָלדאַטן, שטאַרקע מענשן.

אַנשי שלומינו — אונזערע אַנהענגער.

אסור באכילה, אסור בהנאה (אָסער באַאַכילע, אָסער בעהאַנאָע) — מען טאָר ניט עסן, מען טאָר דערפון קיין הנאה ניט האָבן.

אַפּאַרט — אָפּגעזונדערט.

ארבע מיתות בית-דין (אַרבאַ מיסעס בעסדן) — פירערליי טויט-שטראָפן.

אַרזי-הלבנון (אַרזיי-האַלוואָנען) — צעדער-ביימער פון באַרג לבנון, גרויסע לייט.

אשתי תחיה (אישטי טיכיע) — מיין ווייב זאָל לעבן.

אתה פּתח לו (אַטאָ פּסאַך לוי) — עפן דו אים דאָס מויל; העלף אים דו אָנהייבן רעדן.

אתחלתא דגאולה (אַסכאַלטאָ דיגאולע) — דער אָנהייב פון אויסלייזונג, פון משיח׳ס צייטן.

### ב

באַגנעטן — שטיכעס, באַיאָנעטן.

באָדיי — זאָל זיין.

באותה הרגע (בעאויסאָ האָרעגע) — אין דער זעלבער סעקונדע.

באַנדעראָלירן — אַרומבינדן.

בבחינת (ביווכינאַס) — אין דער לאַגע.

בגדי-יום-טוב — יום-טוב׳דיקע קליידער.

ב"ה — ברוך הוא (באָרוך הו) געבענטשט זאָל ער זיין!

בושת-פנים (בוישעס פּאָנים) — אַ שעמעוודיקער.

בזיו השכינה הקדושה (בעזיוו האַשכינע האַקדוישע) — די שיינקייט פון דעם הייליקן גאָטס-אָפּשיין.

בחינה — גראַד.

בחצי חינם (בעכאָצי כינאָם) — האַלב אומזיסט.

ביאור — אַ ראַדיקאַלער פּירוש צום חומש.

ביד חזקה (בעיאַד כאַזאָקאָ) — מיט פעסטקייט, מיט אַ שטאַרקער האַנט.

בין השמשות (ביין האַשמאָשעס)—ביים זון-אונטערגאַנג.

בישיבה של מעלה (בישיווע שעל מיילע) — אין דער אויבערשטער פּאַלאַטע, אין הימל.

במקום (בימקוים) — אַנשטאָט.

בן-אָדם — מענטש.

בנעימות (בינעימעס) — פּאַמעלאַך, רו-איק.

בנשיקה (בינשיקע) — דורך אַ קוש.

בעלי-המצאות (באַלע האַמצאָעס)—ערפינדער.

בעלי-התלמוד (באַליי האַטאַלמוד) — די וואָס האָבן געשאַפן דעם תלמוד, די גמרא.

בעל-מופת (באַל-מויפעס) — אַ מענטש וואָס טוט וואונדער.

בעל-מזג-טוב (באַל מעזעג טויוו) — איינער מיט אַ גוטן כאַראַקטער.

בעל-עקדה (באַל אַקיידע) — דער נאָמען פון אַ העברייאיש בוך.

בעל-פה (באַלפּע) — מינדלאַכע.

בעל-קורא (באַלקוירע) — דער וואָס לייענט אין דער תורה.

בעל-תשובה (באַל טשואווע) — איינער וואָס האָט חרטה אויף זיינע זינד און ווערט צוריק גוט.

בעמען — באהעמיע, אַ טייל פון דער איצטיקער טשעכאָסלאָוואַקיע.

בפרט (ביפראַט) — באַזונדערס.

בקו הבריאה (בעקאַוו האַבריע) — אין בעסטן געזונט.

בקרוב (בעקאָרעוו) — אינגיכן.

בראַבאַנדענע שפּיצן — שפּיצן וואָס קומען פון בראַבאַנד אין בעלגיען.

ברזל ונחושת (באַרזעל אונכווישעס)— אייזן און קופּער.

בריה נפלאה (בעריע ניפלאָע) — וואונדערלאַכע בריה, ווירטן.

בשלום ושלוה (בעשאָלעם וועשאַלווע)— אין פרידן און רואיק.

בשר בחלב (באָסאַר בעכאַלאָוו)—פלייש מיט מילך.

בתים (באַטים) — שוידלאַך צו תפילין.

## ג

גאווה (גייווע) — שטאָלץ, גרויס האַלטעריי

גבורות הבורא (גבורעס הבוירע) — גאָטס וואונדער.

גדול בישראל — אַ גרויסער מאַן ביי אידן.

גדולי הדור — די גרעסטע מענטשן פון דעם דור.

גלגול-מחילות (גילגל מעכילעס) — קייקלען זיך אונטער דער ערד.

גלגל חוזר (גאַלגאַל כויזער) — דאָס רעדל דרייט זיך.

גל של עצמות (גאַל שעל אַצאָמעס) — אַ קופּע ביינער.

גם-כן (גאַם קיין) — אויך.

געמויזאַכץ — אַ זומפּיקער פלאַץ ביים ברעג טייך.

געפּלעפּט — געטראָפן, פאַרוואונדערט און פאַרוואונדן.

גשמיות (גאַשמיעס) — קערפּערלאַכס.

## ד

דאַזאַר — קהילה.

דאַזאַרצע — מיטגליד פון דער קהילה-פאַרוואַלטונג.

דבקות (דווייקעס) — צוגעבונדנקייט צו גאָט.

דברים בגו (דוואָרים בעגוי) — עפּעס שטעקט דערין, עפּעס אַ באַזונדערע באַדייטונג איז פאַראַן דערין.

דומפּיק — אומקלאָר, פאַרשטיקט.

דונסט — דאַמף, נעבל.

דזאָך — קלעפּ.

דזשאַנסלעם — דער פּלאַץ וואו די ציינער שטעקן.

דיבוק — אַ גייסט פון אַ צווייטן, אַ צוקלעפּעניש.

דיוואַן — טעפּיך.

דיני ממונות (דיניי מאַמוינעס) — געלט-געזעצן; ציווילע געזעצן.

דיעלע — פאַל, „קייס”.

דיקסי — אָפּגערעדט, געענדיקט.

דמים (דאָמים) — בלוט, געלט.

דן שלא בפניו (דאַן שעלוי בעפּאָנאָוו) —געאורטיילט אונטער די אויגן.

דעות (דייעס) — וויסנשאַפטן, מיינונ-גען.

דראַשקע — אַ לייכט וועגל צום פאָרן.

דרויב — קלייניקייטן.

## ה

האַלד — מילד, שיין.

הבל (העוועל) — נאַרישקייט.

הגביר הנכבד (האַגוויר האַניכבאַד) — דער געערטער גביר.

הדר (האָדער) — אַ שיינס.

הוד מלכות (הויד מאַלכוס) — אייער מאַיעסטעט.

היכא דמי (הייכע דאָמי) — ווי קאָן דאָס זיין געמאָלט.

הכרת תכרת הנפש ההיא מעמיה (היקאָרעס טיקאָרעס האַנעפעש האַהי מעאַמעהאָ) — זאָל יענע נשמה פאַר-שניטן ווערן פון איר פאָלק.

הלואה (האַלוואָע) — אַנלייע.

הלצה (האַלאָצע) — וויץ, שפּאַס, שפּאַט.

המצאה (האַמצאָע) — ערפינדונג.

הן (היין) — סיי.

העזה (האָזע) — שטאָלץ, מוט.

הפסד מרובה (העפסעד מערובע) — גרויס פאַרלוסט.

הרהור (הירהער) — אַ טראַכט, אַ קלער.

השם יתברך (האַשעם איסבאָראַך) — דער אויבערשטער.

השכלה (האַסקאָלע) — בילדונג.

התלהבות (היסלאַהאַוועס) — באַגייס-טערונג.

התמנות (היסמאַנעס) — אַמט.

התנגדות (היסנאַגדעס) — געגנער-שאַפט.

## ו

ואהבת לרעך כמוך (וועיאָהאַווטאָ ליי-רייאַכאָ קאָמויכאָ) — האָב ליב דעם אַנדערן ווי זיך אַליין.

ואיננו (וועאיינענו) — און נישטאָ! פאַרשוואונדן.

וואַלאַפּיק — זייער אַ לייכטע שפּראַך. וואָס מען האָט פאָרגעשלאָגן צו פאַר-בייטן אַלע שפּראַכן אויף דער וועלט.

ובני וחתני שיחיו (אוּוואַנאַי וואַכאַ-סאַנאַי שעאיכיו) — און מיינע זין און איידימס, זאָלן לעבן.

וגר זאב עם כבש (וועגאַר זעאייוו אים קעווען) — און עס וועט וואוינען צוזאַמען אַ וואָלף מיט אַ שעפעלע.

ודתיהם שונות מכל עם ועם (וויידאָ-סייהעם שוינוים מיקאָל אַם וואָאַם)— און זייערע געזעצן זיינען אַנדערש ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער.

והא ראיה (וועהאָ ראַיע) — אָט איז דיר אַ באַווייז.

וכו'—וכולהו (וועכולהו) — און אַזוי ווייטער — א. א. וו.

וועלקי, דוזשי — גרויסער.

## ז

זאַבאַבאַנעם — נאַרישע גלויבונגען און צערעמאָניעס.

זאַמעט — אַ טייל פון ליטאָ.

זוגתי (זוגאָסי) — מיין פרוי.

זוהר (זויהער) — אַ קבלה-בוך.

זוכה (זויכע) זיין — דערהאַרן, דער-לעבן.

זכות אבות (זכוס אָוועס) — פאַרדינסט פון די אָבות.

זכר צדיק לברכה (זייכער צאַדיק ליוו-ראָכע) — זאָל געבענטשט זיין דעם צדיק'ס אָנדענקען.

ז"ל—זכרונו לברכה (זיכרוינע ליוו-ראָכע) — זיין אָנדענקונג זאָל זיין געבענטשט.

זשיראַנדאָל — הענגלייכטער.

## ח

חברה קדישא (כעווורע קאַדישע) — די געזעלשאַפט, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט באַערדיקן די געשטאָרבענע.

חגאות (כאַגאָעס) — קריסטלאַכע ימים-טובים.

חוטם (כויטעם) — נאָז.

חולה-נופל (כוילע נויפל) — איינער וואָס האָט די געפאַליקע.

חולק (כוילעק) — איינער וואָס שפּאַרט זיך, וואָס קריגט זיך.

חוקה אחת לכם ולגר הגר בתוככם (כוקאָ אַכאַס לאָכעם ווײלאַגייר האַגאָר בסויכאַכעם) — איין געזעץ פאַר אייך און פאַר דעם פרעמדן, וואָס וואוינט צווישן אייך.

חוקים — געזעצן.

חו"ש—חס ושלום (כאַס ווּעשאָלעם)— זאָל גאָט אויסהיטן.

ח"י פעמים ח"י (כאַי פּעאָמים כאַי)— 18 מאָל 18.

חילול השם (כילול האַשעם) — גאָטלעסטערונג, פאַרשוועכונג פון גאָטס נאָמען.

חלול (כאָלול)—אַ לעכעלע, אַ געלעכערטער.

חמור (כאַמער) — אייזל.

חנוכת-הבית (כאַנוקאַס-האַבאַאיס) — באַנייאונג פונ'ם טעמפּל.

הנופה — ליגן.

חס ושלום (כאַס ווּעשאָלעם) — זאָל גאָט אויסהיטן !

חצופה — אויסגעלאַסענע.

חקירה — פילאָזאָפיע.

חקרן (כאַקרען) — דענקער, פילאָזאָף.

חרמות (כאַראָמעס) — קללות.

חשבון-הנפש (כעשבן האַנעפעש) — אַ רעכענונג פון דעם, וואָס געטאָן גוטס און שלעכטס פאַר'ן לעבן.

חשבון-צדק (כעשבן צעדעק) — אַ ריכטיקער רעכענונג.

ט

טאַפּיען — דערטרינקען.

טאַפּעטן — וואַנט-פּאַפּיר, אַביטשעס.

טאָרג — אַ מאַרק, אַ האַנדלס-טאָג.

טהרה (טאַהאַרע) ברעט — די ברעט, אויף וועלכער מען וואַשט אָפּ אַ געשטאָרבענעם.

טועה זיין זיך — אַ טעות מאַכן.

טפח (טעפאַך) — אַ מאָס, די לענג פון אַ האַנט-פויסט.

טשעמעניעם — האָר.

י

ידוע לכל (יאָדוּאַ לאַקויל) — אַלעמען באַוואוסט.

יולדת (יוילעדעס) — געווינערין.

יומא דפגרא (יוימע דעפּאַגרע) — אַ יום-טוב-טאָג.

יום-הפטירה — טאָג פון טויט.

יופע — קלייד.

יופּעצע — זשופּעצע, לאַנגער מאַנטל.

יושב-אוהל (יוישעוו אויהעל) — אַ לערנער, איינער וואָס זיצט תמיד אין שול.

יחידי סגולה (יעכידיי סגולע—אויסנאַמען, איינצעלנע, אויסגעקליבענע.

יללה (יעלאָלע) — קלאָג, געוויין.

ים-הגדול (יאַם האַגאָדל) — דער גרויסער ים, דער אָקעאַן.

ימח-שמוניק (יעמאַך שמוניק) — דער וועמעס נאָמען זאָל אָפּגעמעקט ווערן.

יצא מדעתו (יאָצאָ מידאַיטוי)—משוגע געוואָרן.

יראת שמים (איראַס שאָמאַאים) — גאָטס-פאָרכטיקייט.

יריעות (יעריעס) — פאָרהאַנגען.

ירק עשב (יערעק איסעוו)—גרין גראַז.

יש מקום בראש (יעש מאָקוים בעראַש) — פאַראַן פּלאַץ אין קאָפּ.

כ

כאָליעווע — אויבערשטער טייל פונ'ם שטיוול, וואָס צווישן קנעכל און קני.

כהאַי לשנא (קעהאַי לישנאָ) — אויף אַזאַ'ן אופן.

כוחא דהיתרא עדיף (קויכאָ דעהיטויראָ אָדיף) — איז גרעסער די קראַפט פון פאַרלייכטערן, פון ערלויבן.

כיבוד-אַב (קיבעד אַוו) — ערלאַך האַלטן פאָטער און מוטער.

כיור (קיער) — האַנטפאַס, אַ כלי מיט וואַסער.

כיתה (כיטע) — גרופּע.

כלאחר יד (קילאַכאַר יאַד) — ווי הינטער אַרום.

כל-בו (קאָלבוי) — איינער וואָס קען אַלץ און קאָן דערפאַר קיינזאַך ניט גוט.

כל דאלים גבר (קאָל דויאַלים גוואַר)— ווער עס איז שטאַרקער, הערשט.

כלו כל הקיצין (קאָלו קאָל האַקיצן)— אַ סוף צו אַלצדינג.

כלחוך השור (קילכויך האַשויר) — ווי אַן אָקס וואָלט עס אָפּגעגעסן.

כלי-בית (קליבייעס) — הויז-כלים.
כלל-ישראל (קלאַל איסראָעל) — אַלע אידן.
כל עצמותי תאמרנה (קאָל אַצמויסאַי טוימאַרנאָ) — אַלע ביינער מיינע רעדן.
כנ״ל—כנכתב לעיל (כעניכטאָוו לעאויל) — ווי עס איז אויבן געווען געשריבן.
כסא הכבוד (קיסע האַקאָוועד) — גאָטס שטול.
כרת (קאָרעס) — פאַרשניטענע יאָרן.
כתבים (קסאָווים) — שריפטן.
כתובה (קסובע) — חתונה קאָנטראַקט.

## ל

לאַכע — אַן אַלטער בגד.
לאַפּאַץ — פּאָליציימאַן.
לא תחמוד (לוי סאַכמויד) — זאָלסט ניט גלוסטן, וואָס עס באַלאַנגט צו אַן אַנדערן.
לב יודע מרת נפשו (לייוו יוידייע מאָראַס נאַפשוי) — דאָס האַרץ פילט זיין אומעט.
לויתן (ליוויאָסן)—דער מיטאָלאָגישער גרויסער פיש, אויף וועלכן עס האַלט זיך די וועלט.
לזיכרון (לעזיקאָרן) — צום אָנדענק.
לילית — די עלטסטע שד׳יכע.
ליצנות (ליצאָנעס) — שפּאַט.
ליקוי-חמה (ליקעכאַמע) — די פאַרשטעלונג פון דער זון.
לפני עור לא תתן מכשל (ליפנוי איוועיר לוי סיטיין מיכשויל) — פאַר אַ בלינדן זאָלסטו ניט אַוועקלייגן קיין שטרויכלונג.
לקט, שכחה ופאה (לעקעט שיקכע אופייע) — ווען מען שנײדט אַראָפּ פון פעלד דאַרף מען לאָזן פאַר אָרימעליוט די אַראָפּגעפאַלענע זאַנגען אויפצוקליבן, די פאַרגעסענע גאַרבן און אַ ברעג פון פעלד.
לתיקון נשמתי (לעטיקון נישמאָסי)— צו העלפן באַפרייען די נשמה, אָפּריניקן זי פון אירע זינד.

## מ

מאבד עצמו לדעת זיין (מעאַבעד אַצמוי לאָדאַאַס)—זיך אַליין אָנטאָן אַ טויט, באַגיין זעלבסטמאָרד.
מאמרים (מיימאָרים) — אַרטיקלען, געדאַנקען.
מאריך (מייריך) זיין — רעדן לענגער.
מאַרשעליק—בדחן; איינער וואָס זאָגט וויצן אויף אַ חתונה.
מבולבל (מעוואולבל)—צעטומלט, אומקלאָר.
מבייש (מעוואַיעש) זיין — פאַרשעמען.
מדורות (מעדורעס) — אָפּטיילונגען.
מדרגה (מאַדרייגע) שטופע.
מהיכא תיתי (מעהיכע טיסע) — פאַר וואָס ניט? זאָל זיין אַזוי.
מה יפית (מאַיאָפעס) — „ווי שיין דו ביסט"—אַ לידל וואָס די אַמאָליקע פריצ׳ס אידן פלעגן מיט הכנעה זינגען פאַר׳ן פריץ.
מוסיף זיין — צוגעבן.
מושב — וואוין-אָרט.
מזהיר (מאַזהיר) זיין —וואָרענען.
מחזיר למוטב (מאַכזיר לעמוטעוו) זיין — מאַכן, מען זאָל צוריק בעסער ווערן.
מחיה (מיכיע) — אַ געשעפט, אַ קוואַל פון פרנסה.
מחלוקת (מאַכלויקעס) — אַ קריג.
מחמיר — דער וואָס מאַכט שווערער, האַרבער.
מחמת ביטול תורה (מאַכמעס ביטל טוירע) — כדי ניט צערייבן דאָס לערנען.
מטלטלים (מעטאַלטעלים) — באַוועגלאַך אייגנטום.
מטעים (מאַטים) זיין — באַטאָנען.
מיד-ליד (מעיאַד לעיאַד) — פון האַנט אין האַנט.
מידת הרחמים (מידאַס האָראַכאַמים)— דאָס געפיל פון רחמנות.
מכות-רצח (מאַקעס רעצאַך) — גוואַלדיקע קלעפּ.
מכמה טעמים (מיקאַמע טוימים) — צוליב אַ סך אורזאַכן.
מלאכי השרת (מאַלאַכיי האַשאָרעס) — מלאכים.
מלאך מליץ (מאַלעך מייליץ) — דער מלאך דער פאַרטיידיקער.
ממה נפשך (מימאָ נאַפשעך) — אייגס פון די ביידע.
ממון (מאָמען) — געלט.

ממון קורח (מאָמען קוירח)—קורח'ס אוצרות, זייער פיל געלט.

ממעמקים קראתיך יה (מימאַאַמאַקים קראָסיכאָ יאָ) — פון די טיפעניש האָב איך דיך, גאָט, גערופן.

ממציא (מאַמצע) זיין — ערפינדן, אויסקלערן.

מסורה (מעסוירע) — טראַדיציע.

מסכתא (מעסיכטע)—אַ בוך פון גמרא.

מעביר (מייוויר) זיין — ברענגען דערצו, אַז יענער זאָל באַגיין אַן עבירה.

מעלים (מיילים) זיין — פאַרהיילן, פאַרלייקענען.

מער — מעשה.

מערכה (מאַראָכע) — אַ גליק.

מעשר (מאַיסער) — אַ צענטל.

מעשר ראשון (מאַיסער רישן) — דאָס ערשטע צענטל.

מעשר שני (מייסער שייני) — דאָס צווייטע צענטל.

מפולת (מאַפּוילעס) — אַן אומגעפאַלן הויז, אַ חורבה.

מפטיר-יונה (מאַפטיר יוינע) — דער מפטיר פון יום-כיפור צו מנחה.

מפריש (מאַפריש) זיין — אָפּטיילן, אָפּשניידן.

מצות עשה שהזמן גרמא (מיצוועס עסע שעהאַזמאַן גראָמאָ) — אַ מצוה וואָס איז אָפּהענגיק פון דער צייט.

מקבל נחת (מעקאַבל נאַכעס) זיין — האָבן פאַרגעניגן.

מקובל (מעקובל) — איינער וואָס באַשעפטיקט זיך מיט קבלה, מיט מיסטישע לערעס.

מקצר (מעקאַצער) זיין — פאַרקירצן.

מקשה לילד (מיקשע ליילייד) — גיין שווער צו קינד.

מרוצה לבריות (מערוצע לאַבריעס) — קאָן זיך גוט באַגיין מיט מענשן.

מרשעת (מאַרשאַעס) — שלעכטס.

משהו (מאַשעהו) — עפּעס, אַ האָר, אַ קאָפּ.

משורר (מעשוירער) — זינגער, העלפער.

משכמו ומעלה (מישיכמוי וואָמאַילאָ) — פון אַקסל און אַרויף — העכער פון אַלעמען.

משמש תלמידי חכמים (מעשאַמעש טאַלמידיי כאַכאָמים) — באַדינען מענשן וואָס לערנען.

משניות (מישנאַיעס) — בוך פון געזעצן צוזאַמענגעשטעלט פון ר' יהודה הנשיא.

משיג (מאַסיג) זיין — באַנעמען, באַגריפן.

מתוך שמחה (מיטויך סימכע) — אויס פרייד.

מתיקות (מעסיקעס) — זיסקייט.

מתיש כוח (מאַטיש קויאַך) — שוואַכט אָפּ די כוחות.

מתן בסתר (מאַטן בעסייסער) — געבן באַהאַלטענערהייט, קיינער זאָל ניט וויסן.

מתנגד (מיסנאַגיד) — אַ געגנער פון חסידים.

מתרחק (מיסראַכעק) זיין זיך — דערווייטערן זיך.

## נ

נאַבאָק — אָן אַ זייט.

נאַשפּיץ — אין דער לענג.

נבהל ונשתומם (ניוההעל ווענישטוימעם) — דערשראָקן און פאַרוואונדערט, שטאַרק פאַרוואונדערט, ערשטוינט.

נברך לאלהינו (נעוואָרעך ליילויהיינו) — אַ שפּרוך וואָס מען זאָגט ביים בענשן מיט אַ מנין.

נגלה (ניגלע) — אָפענע תורה, ניט קיין מיסטישע.

נהנה מיגיע כפו (נעהנע מיגיאַ קאַפּוי) — דערנערט זיך פון זיין אייגענער אַרבעט.

נוקם ונוטר כנחש (נויקעם ווענויטער קענאָכאָש) — נעמט ראַכע און געדענקט פיינדשאַפט ווי אַ שלאַנג.

נושאים — טרעגער פון דעם טויטןבעט.

נחלה (נאַכלע) — אייגנטום.

ניצחון — זיג.

נמאס ומאוס (נימעס אומאָעס) — דערעסן.

נפשו קשורה בנפשה (נאַפשוי קשוראָ בענאַפשאָ) — זיין נשמה איז צוגעבונדן צו אירער.

**נרפים אתם נרפים!** (נירפּים אַטעם נירפּים) — איר זייט אָפּגעלאָזן, פויל.

**נתבקש** (ניסבאַקעש) **געוואָרן** — אויפגעפאָדערט געוואָרן.

**נתגלה** (ניסגאַלע) **ווערן** — אַנטפּלעקט ווערן.

## ס

**סאַטען-דע-ליאָן** — פראַנצויזישער זייד-שטאָף.

**סבלנות** (סאַוולאָנעס) — געדולד.

**סברא** (סוואָרע) — אַ מיינונג, אַ נייער געדאַנק.

**סדר-עולם** (סיידער אוילאָם) — די פירונג פון דער וועלט, ווי עס פירט זיך.

**סוטערינע** — קעלער, בייסמענט.

**סוראָגאַט** — אַ זאַך וואָס איז ענלאַך צו אַ צווייטער און פאַרבייט די צווייטע, איז אָבער נישט אַזוי, נאָר ערגער.

**סטאַווידלעס** — קלעצער צו פאַרצוימען דעם וועג דעם וואַסער פון אַ טייך.

**סיערמינגע** — אַ גראָב פויעריש מאַנטל.

**סכנת נפשות** (סאַקאָנעס נעפאָשעס) — געפערלאַך.

**סליחות** — פאַרשיידענע לידער און תפילות וואָס מען זאָגט אין דערפרי אין דער וואָך פאַר ראש-השנה.

**סליניאַק** — נאָזטיכל.

**סמאל** (סאַמאָעל) — דער עלטסטער טייוול.

**סערוויטוטן** — מאַיאָנטקעס, לענדערייען, וואָס מוזן אַריבער בירושה.

**ספרא-רבא** (סאַפרע ראַבע) — גרויסער שרייבער.

**סקיפקע** — גאַלקע פון אַ שטעקל.

## ע

**עבד** (עוועד) — קנעכט.

**עבודה** (אַוואוידע) — גאָט דינען.

**עגמת נפש** (אַגמאַס נעפעש) — אומאַנגענעמלאַכקייט, האַרצווייטיק.

**עד יום פטירתו** (אַד יוים פּטיראָסוי) — ביז׳ן טאָג פון זיין טויט.

**עד מפי עד** (אייד מיפּי אייד) — פערזענלאַך; פונ׳ם מויל פון איינעם, וואָס האָט דאָס אַליין געזען אָדער געהערט.

**עד סוף כל הדורות** (אַד סאָף קאָל האַדוירעס) — ביז אייביק, ביז׳ן סוף פון אַלע דורות.

**עובר זמן קריאת שמע** (אויווער זמאַן קרישמע) — מען פאַרשפּעטיקט מיט׳ן דאַווענען.

**עובר לסוחר** (אויווער לאַסויכער) — יעדער הענדלער נעמט דאָס, עס איז זיכער ווערט.

**עולה תורה** (אוילע טוירע) — ווערט אויפגערופן צו דער תורה ביים לייענען.

**עולם האמת** (אוילאָם האָעמעס) — אמת׳ע וועלט.

**עולם השקר** (אוילאָם האַשעקער) — פאַלשע וועלט.

**עולם ומלואו** (אוילאָם אומלויאוי) — אַ פולע וועלט, זייער פיל.

**עומד בניסיון** (אוימעד בעניסאָיען) **זיין** — ביישטיין ביי אַ ניסיון.

**עונש** — שטראָף.

**עוסק זיין בתורה** — לערנען.

**עושר במזומן** (אוישער בימזומען) - רייך אין באַר געלט.

**עזוב תעזוב** (אָזויוו טאַאַזויוו) — דו מוזסט העלפן.

**עזר כנגדו** (אייזער קענעגדוי) — אַ הילף, אַן אַרויסהעלפערן.

**עזרת נשים** (עזראַס נאָשים) — ווייבערשע אָפּטיילונג אין שול.

**עטרה** (אַטאָרע) — אַ קרוין, אַ באַפּוצונג פונ׳ם טלית פון אויבן.

**עילוי** — אַ מענש מיט זייער אַ גוטן קאָפּ, מיט זייער גוטע פעיאיקייטן.

**עין-יעקב** (איין יאַנקיף) — זאַמלונג פון די לעגענדעס און שיינע שפּרוכן, וואָס אַנטהאַלטן זיך אין דער גמרא.

**על חטא** (אַל כעט) — אַ תפילה וואו מען איז זיך מודה אויף אַלע זינד.

**על חשבוני** (אַל כעשבוינוי) — אויף מיין רעכענונג.

**עליו-השלום** (אָלאָווהאַשאָלעם) — פרידן צו אים. דאָס זאָגט מען, ווען מען דערמאָנט אַ געשטאָרבענעם.

**על כל פנים** (אַל קאָל פּאָנים) — וויניקסטנס.

**על כן** (אַלקיין) — דעריבער.

על כסא הרבנות (אַל קיסיי האָראַבאָנוס) — אויפ׳ן רב׳ס שטול, אַלס רב.

על פי דין ועל פי יושר (אַל פּי דין וועאַל פּי יוישער) — סיי לויט׳ן געזעץ, סיי לויט גערעכטיקייט.

עמוד (אָמעד) — זייל.

עמוד ברזל (אָמוד באַרזעל) — אייזערנער זייל.

עני-הגון (אָני האָגון) — אַ שיינער אָרימאַן.

עניוות (אַניוועס) — באַשיידנהייט, קליינהאַלטעריי.

ערב-רב (איירעוו ראַוו) — געמיש פון שלעכטע מענשן.

ערובין — אַ צוים פון דראָט אָדער אַ פּאָדים אַרום אַ גאַס. מעז פלעגט מאַכן אַן ערוב כדי מען זאָל מעגן טראָגן אום שבת.

ערלים (אַריילים) — גויים.

„פּאָד קאָנוואָיעם" — אונטער דער אויפזיכט, מיט אונטערפירער.

## פּ

פּאָדקאָווע — אייזנס אויף די פיס פון אַ פערד.

פּאָוועסטקע — אַן איינלאַדונג, אַ סאָמאָנס.

פּאַטרול — סאָלדאַטן, וואַך.

פּאָליש — פּאָרהויז פון שול.

פדיון (פּידיען) — געלט, אָדער אַן אַנדער מתנה, וואָס מען גיט אַ רבי׳ן.

פה קדוש (פּע קאָדויש) — הייליק מויל.

פוסקים (פּאָסקים) — די שפּעטערדיקע ספרים, אין וועלכע עס ווערט באַשטימט, ווי דער דין איז.

פותר חלום (פּויסער כאָלעם) זיין — באַשיידן, אויסטייטשן אַ חלום.

פזמון (פּיזמוין) — געזאַנג, ליד.

פחות משוה פרוטה (פּאָכעס מישאָווע פּרוטע) — ווייניקער פון אַ פּעני.

פחת (פּכאָס) — בראַק.

פטירה — טויט.

פּיאַווקע — אַ מין וואָרעם, וואָס זויגט דעם מענשנס בלוט.

פּיעדעסטאַל — אונטערשטער טייל פון אַ מאָנומענט.

פיקדון (פּיקאָדן) — אַ זאַך וואָס מען גיט איינעם צו באַהאַלטן.

פלאי-פלאים (פּילע פּלאָאים) — וואונדערבאַר.

פּלאַץ-מאַיאָר — קאָמענדאַנט פון שטאָט.

פמליא של מעלה (פּאַמאַליע שעל מאַילע) — די איינוואוינער פון אויבן, פון הימל.

פנה הודה, פנה זיוה, פנה הדרה (פּאָנאָ הוידאָ, פּאָנאָ זיוואָ, פּאָנאָ האַדאָראָ) — אַוועק איר פיינקייט, איר גרויסקייט, איר שיינקייט.

פסק פון בית דין של מעלה — באַשלוס פונ׳ם אויבערשטן געריכט.

פּראָזשבע — אַ ביטע, אַן אַפּליקאַציע.

פרדס (פּאַרדעס) — אַ קבלה-בוך.

פרוכת (פּאָרויכעס) — פּאָרהאַנג פאַר׳ן אָרון-קודש.

פּרעזעס — פּרעזידענט.

פרצוף (פּאַרצעף) — פּנים, צורה.

פתיחה (פּסיכע) — דאָס עפענען פונ׳ם אָרון ביים אַרויסנעמען אַ ספר-תורה.

## פ

פאַקיר — אינדישער מכשף.

פאַקס — אָנשטעל.

פאַרבליפּט — פאַרוואונדערט.

פאַרראָצט — פאַרסמאַליעט.

פאָרשום — אויפגאַב.

פושער — אָפּנאַרער, ליגנער, גנב.

## צ

צאינה וראינה (צענאָ אורענאָ) — אַ אידיש בוך, מיט אַלע לעגענדעס פון תומש און מדרשים, דער ווייבערשער תומש. טייטש חומש.

צדדים (צדאָדים) — פּאַרטייען.

צדקה תציל ממות (צדאָקע טאַציל מימאָוועס) — צדקה ראַטעוועט פון טויט.

צוואה (צאַוואָע) — דער לעצטער ווילן.

צירופים — פאַרייניקונגען פון פאַרשידענע ווערטער, דורך וועלכע מען קאָן ווירקן אויף די העכערע ספערן.

צלם אלקים (צעלעם עלויקים) — גאָטס געשטאַלט.

צעפּלאָשעט — צעטראָגן.

צעפּעם — שטעקלאַך צו דרעשן תבואה.

צפרדע של מצרים (צפאַרדייע שעל מיצראַאים) — זשאַבעס פון מצרים.

ק

קאַוואַליעס — שמידן, שלאָסערס.

קאַטאַרזשניק — אַן אַרעסטאַנט, אַ פאַר־משפט'ער צו שווערער אַרבעט.

קאַנדיציעס — קאָנטראַקטן.

קאָנסאַרציע — אויקציאָן, אויספאַרקויף.

קאַנקאַנירן — זינגען.

קאַרמין — זויער רויט.

קב-הישר (קאַוו האַיאַשאַר) — נאָמען פון אַ העברייאיש מוסר־בוך; אויך אין אַ אידישער איבערזעצונג.

קבלה (קאַבאָלע) — מיסטישע לערע.

קברות (קוואָרעס) — אַ בית־עלמין.

קדמון — פאַרצייטיקער, אַמאָליקער, פריערדיקער.

קדמונים (קאַדמוינים)—אַמאָליקע צייטן

קודלאַט — מיט לאַנגע האָר.

קטיגור (קאַטייגער) — פראָקוראָר, אַנקלאָגער.

קיזלשטיין — אַ האַרטער שטיין, אַ פייערשטיין.

ק"ן (קאַן) — 150.

קנאה-שנאה (קינע סינע) — פיינדשאַפט.

קניפּיק — מעסערל.

קפיצת הדרך (קפיצעס האַדערעך) — פאַרקירצט דעם וועג.

קוראַנט — ראַיעל.

קרוב לאמת (קאָרעוו לעעמעס)—נאָענט צום אמת.

קרועה בלויה (קרוע בלוע) — צעריסן, צעשליסן.

קרן-קימת (קערען קאַיעמעס) — אַ קאַפּיטאַל, וואָס ווערט ניט אָנגערירט, און וואָס מען באַנוצט בלויז זיינע פּראָצענט.

ר

ראַפּאָרט — באַריכט.

ראשית חכמה (רײשיס כאָכמע)—נאָמען פון אַ העברייאיש בוך.

רוב גנבי ישראל נינהו (רויוו גאַנווי איסראָעל נינהו)—די מערסטע גנבים זיינען אידן.

רודפ'ן (רוידעפן) — פאַרפאָלגן.

רוחניות (רוכניעס) — גייסטיקס.

רחוות (ראַכוועס) — ברייטקייט, גערוימקייט.

רחמנא לצלן (ראַכמאָנע ליצלאָן) — גאָט זאָל אויסהיטן.

רחמנים-בני-רחמנים (ראַכמאָנים בנויי ראַכמאָנים) — גוטע רחמנות'דיקע מענשן, זין פון גוטע מענשן.

רח"ש — רבנים, חזנים, שמשים — דאָס געלט וואָס מען גיט רבנים אָדער חזנים אָדער שמשים פאַר זייער אַרבעט אין דער צייט פון אַ שמחה.

רעטאָריק — שיינרעדעריי.

רעשקע—די זייט פון דער מטבע, אויף וועלכער עס איז אָנגעשריבן איר ווערט.

רצון (ראָצן) — ווילן.

רשימה — צעטל.

ש

שאָוויניסט — אַ מענש וואָס האַלט, אַז זיין פאָלק איז העכער פון אַלע אַנדערע פעלקער.

שאו ידיכם (סעאו יעדייכעם) — אַ שפּרוך וואָס מען זאָגט, ווען מען וואַשט זיך עסן.

שאלות נשים (שאַילעס נאַשים) — אַ שאלה, אַ פראַגע, וואָס האָט אַ שייכות צו פרויען.

שבעים זקנים (שיווים זקיינים) — די זיבעציק אַלטע לייט, וואָס האָבן איבערגעזעצט די תורה.

שולחן-ערוך (שולכן אָרעך) — דאָס בוך פון אידישע געזעצן, דאָס בוך, וואָס לערנט, ווי צו פירן זיך.

שור הבר (שויר האַבאָר) — דער ווילדער אָקס, וואָס מען וועט קוילן פאַר די צדיקים אין גן־עדן.

שור שנגח את הפרה (שויר שענאָגאַך עס האַפּאָראָ) — אַן אָקס האָט געשטויסן אַ בהמה; אַ געוויסער ענין אין דער גמרא.

שטח (שעטאַך) — שטרעקע, הייך.

שטרות (שטאָרעס) —וועקסלען.

ש"י (שאַי) — 310.

שיחיה (שעאיכיע) — וואָס זאָל לעבן.

שלא לביש (שעלוי לעוואַיעש) — ניט צו פאַרשעמען.

שליים — ליים, טייך שמוץ.
שליש למאה — אַ דריטל אויף הונדערט.
שם אבא — דעם פאָטערס נאָמען.
שמונה עשרה (שמוינעסרע) — די הויפּט 18 ברכות, וואָס מען זאָגט שטייענ־דיקערהייט דריי מאָל אַ טאָג.
שמות (שיימעס) — בלעטלאַך פון הייליקע ספרים.
ש"ס — שישה סדרים — דער גאַנצער תלמוד.
שער (שאַאַר) טויער, שטופּע.
שונא בצע (סוינע בעצאַ) — פּיינט געלט.
שכל־הישר (סייכל האַיאָשאַר) — לאָגיק, לאָגישער געדאַנק.
שמחת תורה (סימכאַס טוירע) — די פרייד מיט דער תורה.
שנאת חינם (סינאַס כינאַם) — אומזיסטע פיינדשאַפט.
שררה (סראָרע) — גרויסער מאַן, האַר.

## ת

תבונה (טווונע) — זשופּעצע.
תוהו־ובוהו (טויהו וואָוואויהו) — פּוסט און וויסט.
תוך כדי דיבור (טאָך קעדיי דיבור) — גלייך אין דערזעלבער מינוט, ביים סאָמע רעדן.
תורה ועבודה (טוירע וואַאַוואוידע) — לערנען און דינען גאָט.
תורת־חיים (טוירעס־כאַאים) — לעבעדיק לערנען, לעבעדיקע תורה.
תחיה (טכיע) — זאָל לעבן.
תחנון (טאַכנון) — אַ תפילה וואָס מען זאָגט בלויז אין וואָכעדיקע טעג, אָבער ניט אין טעג פון אַ יום־טוב, אָדער אַ שמחה.
תחרות (טאַכרוס) — קאָנקורענץ.
תיבה (טייווע) — קאַסטען.
תכלית (טאַכלעס) — צוועק.
תלמיד מובהק — קענטיקער, באַוואוסטער תלמיד.
תמצית (טאַמציס) — עסענץ, דאָס וויכטיקסטע.
תקיפים — שטאַרקע, רייכע.
תשובה אַן ענטפער, חרטה אויף באַגאַנגענע זינד.



# די נייע אידישע שול

## פון י. לעווין

**א לעהרבוך פאַר אידיש-אַנפאַנגער צו לערנען לעזען און שרייבען אידיש, מיט צייכנונגען און בילדער. ענטהאַלט אויך שעהנע ערצעהלונגען, מעשה'לאך און פאָלקס-ליעדער.**